„DER REFLEKTOR“

# דער רעפלעקטאָר



## אילוסטרירטע חודש-שריפט
## פאַר ליטעראַטור, קונסט און קולטור

אונטער דער רעדאַקציע פון משה בלעכער

Kraków, 1 czerwca 1935
Nr. 1

פּריז 30 גר. אויסלאַנד 10 סענט

קראָקע, 1 יוני 1935
ערשטער יאָרגאַנג

12 זייטן

## אינהאַלט פון ערשטן נומער;



## צום דערשיינען פון ערשטן נומ' „רעפלעקטאָר“

מער ווי 20 יאָר איז אין קראָקע דאָס יידישע געדרוקטע וואָרט געווען שטום. באַלד אַ פערטל יאָרהונדערט איז אין דער מכלומרשט יידישער שטאָט מיט אירע 50.000 יידן נישט דערשינען קיין איין שטענדיקע יידישע טאָגצייטונג קיין איין צייטשריפט מיט אַ רעפרעזענטאַטיוון כאַראַקטער. במשך פון די 20 יאָר האָבן אין קראָקע געוווינט און געווירקט פאַרשיידענע מער אָדער ווייניקער באַוווּסטע יידישע שרייבער, רייכע און באַוווּסטזיניקע ליטעראַטור- און קולטור-פריינד – צו דער אָרגאַניזירונג פון אַן אייגענער טריבונע איז עס אָבער – צי מחמת מאַנגל אין אָפּטימיזם, צי אין מאַטעריעלע מיטלען – נישט דערגאַנגען.

מיטן היינטיקן נומער „רעפלעקטאָר“ ווערט אָט אַזאַ ערנצטער פּרווו געמאַכט. מיר, אַ גרופּע אָרגאַניזירטע שרייבער און קינסטלער ביים היגן „קינסטלער-צענטער“, ווילן שאַפן אַ טריבונע פאַר זיך און דעם פּראָגרעסיוון יידישן שרייבער און קינסטלער בכלל. ליטעראַטור און קונסט זיינען שוין נישט מער קיין עניניב, וועלכע מ'קאָן אָפּפאַרטיקן מיט אַ גלייכגילטיקן מהכי-תיתא-שמייכל; ליטעראַטור און קונסט דרינגען אַלץ מער און טיפער אַריין אין די קאַרדינאַלע פראַגן און פּראָבלעמען פון היינטיקן לעבן און זוכן זיי צו פאַרענטפערן.

ווילן מיר דאָסזעלבע טאָן אויף די שפּאַלטן פון אונדזער טריבונע מיטן פּנים געווענדט צום יידישן פאָלקסלעבן צום יידישן אַרבעטער מיט זיינע ליידן און פריידן, קאַמפן און האָפענונגען — און אָפּשפּיגלען אין וואָרט און בילד זיין שווערן דערנערוועג מיט אַן אָפּטימיסטישן, האָפערדיקן אויסבליק אין בעסערע צייטן. אונדזער ווונטש איז, אַז אַרום דעם „רעפלעקטאָר“ זאָלן זיך זאַמלען, ווי אַרום זייער טריבונע, אַלע פּראָגרעסיווע יידישע שרייבער און קינסטלער, וואָס פאַרמירן און גרייטן צו אין און דורך זייער שאַפן אַ נייעם טיפ ייד, אַ נייעם טיפ מענטש.

די רעדאַקציע.

משה נאַדיר (ניו־יאָרק)

# מיר און די יידישע שפּראַך*)

צי וואָס די שרעק פון יעדן אומבאַקאַנטן וואָרט, פאַר יעדער נייע־ניואַנסירונג, אָדער קאָמבינאַציע? זעט אַ שטייגער פעפערס „פון עפּעסן אוועק, אין ערגעץ נישט דערפלויגן"; האָפּשטיינס „פון אָנוועגן דער עול"; מאַרקישס „מיט געבּרען מיט געצינד". אָדער נעמט דאָס וואָרט א צוכט (אַ „צוכט", אַ „טשוכט"), וואָס אין געוויסע געגנטן באַדייט עס „אַ ציכטיקע" און אין אַנדערע מקומות מיינט עס „אַ שלומפער" אַ „שלי־מעזאַלניצע". אָדער: קראַוואַשן, קאַרדאַשעווען, צעקאַרדאַשן, צעקראַוואַ־שעווען; אָדער פאַרליאַליעט, נידערניש, באַמוטיקן, פאָרגעדענקן, צעשיסן.

אמת, דער אַרבּעטער האָט נישט קיין צייט, קיין געדולד זיך מיט שפּראַך־מעכאַניק צו פאַרנעמען. און מען מעג בּכלל עס אוועקשטעלן פאַר אַן אַקסיאָם, אַז וואָס ווינציקער דער לעזער זעט די שפּראַך־בּריל, וואָס דער שרייבּער טוט אים אָן, אַלץ מער וועט ער זיין אימשטאַנד צו זען דאָס וואָס דער שרייבּער ווייזט אים. דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט אויב דער שריי־בּער האָט פאַר זיך אַ פּאַרטיקע קולטור־שפּראַך מיט אַ גרויסן אויסוואַל פון שטאָף און קאָליר און עס ווענדעט זיך אינאַגנצן אין דעם שרייבּערס פעיקייט אויסצוקלויבּן, אָדער מיקל אַנזשעלאָ האָט עס אַזוי גענויאַל גע־זאָגט: אַוועקהאַקן דאָס איבּריקע פונם שטיין, כדי דאָס בּילד, וואָס שלו־מערט אין יעדן שטיין פעלז — זאָל זיך אַרויסבּאַווייזן.

אַנדערש אָבער איז עס מיט אונזער מאַמע־לשון, וואָס איז נאָך דער־ווייל געגוג היקעוואַטע, געגוג אָרעם אין פאַרבּן, אין שאַטירונגען. דאָ קע־נען מיר זיך בּשום אופן נישט פאַרגינען צו זיין אַזוי איבּערקלייבּעריש און באַשטיין אויף אַ סטאַנדאַרד, ווען די גאַנצע שפּראַך איז נאָך אויף אַ האָר נישט סטאַבּיליזירט, ווען דער נאָרם איז נאָך מיט גאָרנישט נישט באַ־צייכנט...

דאָס הייסט נישט, אַז אַנדערע לשונות זענען נישט אין אַ שטענ־דיקן פלוס, אין אַ שטענדיקן איבּערוועקסל. שפּראַך מוז פון — זע־פּונקטן אויס — אויפגענומען ווערן ווי אַ לעבּעדיקער אָרגאַניזם, וואָס וואַקסט, אַנטוויקלט זיך, פּראָפּאַגירט.

דער ענגליש פון טשאָסער מוז שוין היינט איבּערגעזעצט ווערן אויף... ענגליש. דער פראַנצויזיש פון וואַלאָן איז היינט פאַרשטענדלעך בּלויז די לינגוויסטן. דאָס אייגענע איז מיט לוטערס דייטש, א. אַז. וו.

און אויב אַ שפּראַך ווי יידיש, וואָס חוץ אינם סאָוויעטן־פאַרבּאַנד האָט זי קיין מלוכה'שע אַנערקענונג נישט, וויל וואַקסן און לעבּן — מוז זי ווי אַ האַרבּוז זיך אַליין צו דער זון ציען, אייגענע פעדים פון זיך אַרויס־לאָזן, זיך אָנהאַלטן ווי זי קען און מיט וואָס זי קען...

* * *

דער וועג פירט צו ווייט און דער אַרטיקל מוז זיין אַ קורצער. עס וואָלט, נאַטירלעך, כדאַי געווען זיך אָפּצושטעלן אויף כאָטש די סאַמע וויכטיקסטע אַספּעקטן פון אונזער שפּראַך־אויסדעינונג, צי וועט איר זאָגן: אויסציונג? אויסשפּרייטונג? נע, ס'איז נישט דאָס! נישט פונם שטאַנד־פּונקט פון אַ שפּראַך־נאַפּאַסניק, וואָס האָט זיך אָנגעבּונדן אָן דער אָרע־מער שפחה'נקע נעבּיך, אַז זי מוז בּיי אים קרייען, נישט פון אַ סטיל־וואַ־גאַנט, נאָר פונם שטאַנדפּונקט פון מאָדערניזירן די לעקסיק, — נישט אָפּ־וואַרפנדיק דערבּיי דעם אַרכאַישן אינווענטאַר אויף וועלכן מיר בּויען, נאָר דאָרטן ווו דער פונדאַמענט האָט שוין געכאַפּט וואַסער — איבּערבּויגן, אונטערשפּאַרן, אַנדערע קאַנאַלגענג גראָבּן...

אין דער פּאָעזיע קאָן די פּראָבּלעם פאָרמולירט ווערן אַזוי: זאָל מען (ווי אונזערע קלאַסישע פּאָעטן האָבּן געטון) פאָרסירן דעם געדאַנק צוליבּ גראַם, צוליבּן וואָרט, אָדער זאָל מען בּעסער פאָרסירן דאָס וואָרט אויפן חשבון פון געדאַנק־קלאָרקייט?

מיר ווילן דאָס אילוסטרירן:

דער דיכטער וויל זאָגן, אַז די לאָמפּן אין די מאָסקווער גאַסן באַלויכטן נייע טעמפּן. גוט. דער פּאָעט וועט פּרוּוון שרייבּן:

אין שיין פון די צעהעלטע לאָמפּן... און בּלייבּן שטעקן, ווייל ער מוז בּיי דעם געגעבּענעם מאַטעריאַל — אַקצענטירן לאָמפּן און טעמפּן. איז צו לאָמפּן די גראַמען — ווו נעמט מען זיי? איז קומט פּרץ מאַרקיש, לאָמיר זאָגן און גיט זיך אַן עצה: נישט געקוקט אויף דעם וואָס אַלע קאַ־נאָניזירטע טעקסט־בּיכער זאָגן בּפירוש, אַז די מערצאָל פון לאָמפּ איז לאָמפּן, שטעלט זיך מאַרקיש פונדעסטוועגן איין דאָס לעבּן און גיט אַ שרייבּ: „לעמפּ" — און עס ווערט ליכטיק אין די אויגן און איר טראַכט: פאַרוואָס טאַקע נישט לעמפּ? און פון דעמאָלט אָן באַקומט לעמפּ זיין חשוב אָרט אין דער פּאָעטישער לעקסיק פון סאָוויעטן־פאַרבּאַנד.

* * *

אונזער צוגאַנג צו יידיש דאַרף זיין: פון איין זייט — אַ פּראָטעסט קעגן יעדער גרינגשעצונג, אַסימילאַטאָרישע בּיטול־בּאַציונגען.

פון דער אַנדער זייט: נישט קיין איבּערגעטריבּענע געפּעסטעטקייט, נישט קיין קולט־טרייבּעריי מיט דער שפּראַך פאַר זיך. קיין ציטערן איבּער איר און איר בּלאָזן די טריט, ווייל אויך די איבּערגעטריבּענע „טהרת־הלשון" איז אַ סימפּטאָם פון פרעמדקייט, פון נישט באַהאָלפנקייט — פון זשיטלאָווסקישע בּעלי־תשובה...

ווער־ווער, אָבּער די יידישע מאַסן האָבּן זיכער קעגן יידיש נישט פאַרבּראָכן. ווער־ווער, אָבּער די יידישע שניידעריונגען און שוסטערגעזעלן און שמידן און אַנדערע בּאַלמעלאָכעס און אַרבּעטער האָבּן אויף זייערע הענט יידיש אויסגעניאַנטשעט.

די ראַדיקאַלע בּראָשור האָט — די ערשטע — אויף יידיש דעם וועג צו דער קלויז־הרובּע פאַרשיט, פון בּטלנישן חקירויזם, אַוועקגעפירט אויף די אָפענע, ווינטיקע קאַמף־וועגן.

איז זאָלן זיין „געהיט" מיט יידיש די, וואָס פילן זיך „זינדיק' קעגן איר, די וואָס פילעווען אין האַרץ אַלערליי מחשבה־זרות וועגן אַריבּערגיין צו דער האַרנטע, אָדער אַ שאָם־געפיל מיט דעם מינאָריטעט־סטאַטוס פון מאַמע־לשון.

מיר פּראָלעטאַרישע שרייבּער, באַציען זיך צו יידיש מיט דער פולער השיבות און ערנסטקייט, און דער עיקר: מיר קאָנען זי פון דער היים אויס, פון אונזערע אָרעמע שטיבּער אַרויס, פון אונזערע ווערקשטאַטן, פון אונ־זערע פאַבּריקן, פון אונזערע קאַמף־פראָנטן...

מיר ציטערן נישט איבּער איר „ריינקייט" ווי די פוסטע געצנדינער פונם וואָרט. מיר שלאָגן־אָפּ די דיזן־דאָזן טענדענץ צו בּוקן זיך צו דער הערשנדיקער שפּראַך, ווי דאָס ווערט געטון פון די אַסימילאַטאָרן פון די פאַרשידענע בּירגערלעכע צייטונגען. מיר דערלויבּן זיך אָבּער מיט יידיש אַזוינע „פרייהייטן", וואָס קומען פון אינטימקייט, פון ווינען אונטער איין דאַך, פון שטיין בּיי איין שרויף־בּאַנק.

מיט אַנדערע ווערטער: מיר שטייען מיט יידיש נישט אין שידוכים, ווי די זיידענע יונגעלייטלעך, וואָס שאַרן זיך איר צוליבּ קאַריערע אָדער צוליבּ „ליבּע און ליידנשאַפט".

מיר זענען מיט יידיש אָרענטלעך פאַרהייראַט און — מען דאַרף מאַכן אַ לעבּן, חברים! איז דעריבּער טאַקע: מיט אַ בּרייטער האַנט און... מיטן גאַנצן טאַבּלטאַק אויף שלאָגלערישע פראָנטן.

---

*) כאָטש דער אַרטיקל איז שוין געווען געדרוקט מיט אַ צייט צוריק אין „וויסנשאַפטלעכן זשורנאַל" (לעמבּערג) און אין די „ליטעראַרישע בּלעטער" (וואַרשע) — בּרענגען מיר אים נאָכאַמאָל, ווייל משה נאַדיר באַהאַנדלט אין אים דעם געזונטן, פּראָלעטאַרישן צוגאַנג צו יידיש, וועל־כער איז אויך אונזער צוגאַנג. דערהויפּט פאַר קראָקע אַלס צענטער פון דער פּאָלאָניזאַציע־ און אַסימילאַציע־ מגפה, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויף אַ מוראדיקן אופן און אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער פאָרם בּרייטע יידישע קרייזן פון פאַרשיידענע לאַגערן — איז אָט אַזאַ אַרטיקל זייער אַקטועל און באַלערנדיק.

די רעד.

## „אַלטער הויף אויפן קאַזימיעזש"

פון יעקב פעפערבערג



דער היגער נאַציאָנאַלער מוזיי האָט דאָס דאָזיקע בילד אָפּגעקויפט ביים יינגן קינסטלער פאַר זיינע קונסט־זאַמלונגען.

אברהם ניימאַן (קראָקע)



## אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג (*

דער מאָלער גוסטאַוו לויפט אַרויף מיט האַסטיקע טריט אין זיין האָטעל אין קראָקע. ער הערט אַ אומזיכערע, אויפגערעגטע שטים: ווו איז נומער 30? — איך בין נומער 30 — רופט זיך אָפּ גוסטאַוו. דער אויפגערעגטער איז געווען דער יונגער מאָלער מאָריץ. אַ צעמישטער, אַן אויפגעטרייסלטער און גערירטער האָט ער זיך פאַרגעשטעלט אין פינצטערן קאָרידאָר. גוסטאַוו גיט אַ פראַל אויף די טיר פון אַטעליע, זעצט אַנידער מאָריצן אין ליכט, זיך אַליין — אין שאָטן און באַטראַכט אים: מאָריץ איז אַ מאַן פון אַ מיטל־מעסיקן וווקס מיט ברייטע אַקסלען, אויף וועלכע עס זיצט אַ קאָפּ אַ ענערגישער. אויף זיין פנים, אַ קלין־אַרטיגס, מיט קליינע אויגן־שפּאַלטן, אַ מיקל־אַנדזשעלאָ־נאָז, אַ צעקנייטשטן שטערן און מיט באַקן־פּאה'לאַך אַ לאַ פּאַניאַטאָווסקע, ענגליש ראַזירט, גיסט זיך אויס דער צער פון זיין פאַרגאַנגענהייט דורך אַ פּאָר איינגעדאַרטע קנייטשן אין דער סביבה פון מויל.

גוסטאַוו באַטראַכט אים: יעדן קלענסטן ציטער פון מויל, די קלענסטע כמורע אויפן שטערן, יעדע אומנאָרמאַלע האַנטבאַוועגונג.

אויסציהענדיג זיך באַקוועם אויף דער אָטאָמאַנע, פאַררויכערט גוסטאַוו איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן און פיקסירט מאָריצן. ער לאָזט אים אויסריידן זיך מאָריץ חיצט זיך וואָס אַ מאָל מער. ער וויל באַזיגן דעם אַלטן מייסטער גוסטאַוו דורך סאָפּיזמאַטן...

און עס הילכן אין אַטעליע ציטערנדיקע נערוועזע אויסגעשרייען. טאָמער שטעלט איר אויס אין ק. מיט מיר צוזאַמען, בין איך מאַטעריעל אַ פאַרלוירענער, אַ צעבראָכענער! טוט עס נישט, מייסטער, איך האָב אַ פרוי... בעט זיך מאָריץ ביי גוסטאַוון. — גוסטאַוו איז אויפגעשפּרונגען און האָט מאָריצן פאַרמאַכט מיט אַ גראַציעזער האַנט־באַוועגונג דאָס מויל: — שוויג מאָריץ! דו האָסט מיך ביי דער נשמה באַרירט; ווען האָסטו חתונה געהאַט? — רופט ער אויס מיט אַ ציטערנדיקער טענאָר־שטים. — פאַר פינף יאָר — רופט זיך אָפּ אַ פרחלומטער מאָריץ. די אויגן מאָרצס זיינען פייכט געוואָרן, זיי האָבן זיך פאַרנעפּלט. גוסטאַוו שפּרייזט מיט ריזן־שריט איבערן אַטעליע, אַז די ווענד ציטערן. — „יש מקום בראש להניח שני תפילין‟ — רופט אויס גוסטאַוו מיט אַזאַ ערנסטער שטים, אַזוי האַרציג, אַז מאָריץ איז אַ צעפּלאָמטער אויפגעשפּרונגען: איך גלויב אייך אינגאַנצן, איך גלויב אייך מיט דער גאַנצער נשמה. יאָ, מען זעט דאָס אַרויס דורך אייערע בילדער, מייסטער! איך שענק אייך מיין האַרץ, מאַכט מיט מיר, וואָס איר ווילט. גאָט האָט מיר צוגעשיקט אין מיין נייעם פרילינג, מיין טייערע הנה'לע. עס איז פון גאָט באַשערט, אַז איך זאָל מיין גורל אייך איבערגעבן, אויב איר וועט זאָגן, אַז איך קאָן מיט אייך אויסשטעלן און האָבן אַ מאַטעריעלן דערפאָלג... איך וועל עס נישט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן...

גוסטאַם האָט אַרומגעכאַפּט מאָריצן: זיי האָבן זיך צעקושט צי גלייכע חברים.

זיי זיצן אין וואַגאָן דריטע קלאַס שנעלצוג. דער צוג באַוועגט זיך האַסטיק, נערוועז. מאָריץ זיצט פאַרטראַכט, אומרויק, פאַרכמאַרעט. אוי, נאָך צוויי שעה, אַזוי לאַנג, ווי דער יידישער גלות, דוכט זיך אים. גוסטאַוו פילט יענעמס אויפרעגונג. ער האָט מיט אים גוט פאַרבראַכט, די צוויי שעה זענען אַוועק.

קעגנאַיבער איז געזעסן אַ שיינער בעל־הבית, מיט אַ גוט געפּלעגט רונד בערדל, מיט אַ זיידן קאַפּל און האָט אַריינגעקוקט אין אַ משניותל. דאָס ספרל האָט אויסגעזען ווי אַ קליין קעשענע־תנכ'ל. גוסטאַוו האָט זיך צוגעשמייכלט, אַ נעם געטון דאָס משניותל און אַריינגעלאָזט זיך אין אַ שמועס מיט דעם יונגערמאַנטשיק. מאָריץ וואָס האָט אַמאָל עפּעס געלערנט, אַריינגעקוקט אין די קליינע אותיות, האָט באַוווּנדערט גוסטאַוון, ווי ער פאַרמישט נישט די יוצרות און ווייסט ווו אָנצוטאַפּן דעם דופק... עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער יונגערמאַנטשיק איז אַ ווונדערבאַרער פילאָזאָף אין אַראַמעיש און ברענגט אַראַמעישע פסוקים פון תנ"ך. צו דעם שמועס האָבן זיך צוגעהערט אַ חברה אָפּגעגאָלטע פּנימער, וואָס ביידע מאָלער, וועלכע ס'דאַכט זיך אַז זיי ווייסן מכלומרשט אַלץ וואָס טוט זיך ביי יענעם אין פּיפּעק, האָבן זיך גראָד טועה געווען און זיי געהאַלטן פאַר גויים. די מכלומרשטע גויים, מיט די סלאַוויש פאַרריסענע נעז, האָבן פּלוצלונג געפרעגט: „מאי קאָ משמע לן‟... דער צוג גיט אַרויס אַ פייף. זיי זענען אין ק. מאָריצל גיט אַ כאַפּ גוסטאַוון ביי דעם נייעם פעלץ און אַ שפּרונג אַריין אין טונעל אַריין. מיט גיכע טריט שלעפּט ער אים אַריין אין די געדערים פון ק. ער גייט נישט. ער שפּרינגט, ער האָצקעט...

שוין שטייט ער פאַר זיין הויז. אַ ריס ביי דער הינטער־קעשענע פון די הויזן, אַ ציה אַרויס דעם פרייסישן שליסל פון דער הויזטיר און אַ טראַך צו די טיר. שפּרינגענדיק ציט ער אַרויף גוסטאַוון אויפן דריטן שטאָק. דער אַלטער גוסטאַוו אָבער מאַכט פיר טרעפּ מיט איין שפּרונג. ער איז אַזש רויט געוואָרן, גוסטאַוו: ער וויל זען מאָריצס פרילינג, ער וויל זען זיין חנהלע. זיי זענען אַריין אויפפּראַלנדיק די טיר. חנהלע, אַ געבוירענער מאָדעל, איז פּאַווסטזיניק געשטאַנען אין שאָטן ביים טיש, רעפלעקטירט דורך דעם געלן טישטוך ביי אַ שוואַכן עלעקטרישן ליכט און האָט חנעוודיק געשמייכעלט. זיי צעקושן זיך און גוסטאַוון בענקט זיך נאָך אַ פרילינגס־בילד...

עס האָט אַציטער געטון אין צימער דאָס אָרעמע קינסטלער־לעבן: אַ אַטעליע, אַ וואַשקאַמין, און פון די פאַרנעפּלטע ווענט קוקן אַרויס פּנימער פאַרחלומטע. טייל בילדער זיינען אומעטום פאַרצווייפלטע, אין פאַרהאָרעוועטע קרעכצן פון דעם זאַגלעמבּיער גיהנם. אויף טייל לאַנדשאַפטן קוקט גאָט אַרונטער מיט שפּיזן־שטראַלן פון משה רבינו אויף די פרילינגס־לאַנדשאַפטן פון בעסקידן און יונגע, פאַרהאָרעוועטע, אויסגעשמאַכטע, אַנעמישע אַרבעטער־קינדער גלעטן אָרעמע קעצלעך אָדער רייסן פאַרוועלקטע פעלד־בלומען, וואָס זיינען אַרויסגעוואַקסן אין דעם עלנט פון אַרויסגעוואָרפענעם פאַרבּרענטן קאָקס. אין ווינקל שטרייכט אַדורך אַן אויפגעהאָנגענער שטריק ווי אַ שקעלעט פון אַ הערינג. עס הענגען אַראָפּ פאַרשידענע פריש־געוואַשענע מענער־און דאַמען־זאָקן. חנהלע האָט זיך פאַרשעמט. זי איז רויט געוואָרן. וואָס טוט מען מיט אונזער כלי־קודש? — חנהלע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. זי האָט אויסגעזען אין איר צאַרטן שמייכל ווי אַ דזשאָקאָנדאַ־קאָפּ. גוסטאַוו באַטראַכט זי פון די צאַרטע פיסלעך ביז צום גלאַט־פאַרקעמטן קעפּל: אַ גריכישע פיגור מיט אַ יידישער באַצויבערדיקער, חנוודיקער גראַציע, קלערט ער ביי זיך, איינע פון יענע וואָלינער, יידישע שיינהייטן, וועלכע גאָט האָט באַשאַפן מיט אַ קוש, ווען ער איז געווען באַרוישט... חנהלע רוקט זיך צו צום מייסטער, נעמט אים אונטערן אָרעם: — קוקט מייסטער, דאָס זאָל איך זיין. געמאָלט האָט עס מאָריצל אין דעם הערבסט פון זיין לעבן, — און געשאַפן אַ פרילינג, דעם סימבאָל פון חוהן. זי זיצט און שמייכלט כמעט סאַדיסטיש, אין דער וועלט אַריין, און פרעסט צו די ברוסטן אַ רויטן עפּל. זי פרעסט דעם עפּל צום האַרצן מיט פאַרלייגטע, פאַרשלעגגלטע הענטעלעך טיציאַנישע.

— מאָדערן געזען: גרין — גרויליכע טענער האַלטן מלחמה מיט ראָזיקע ציטראָנען־פאַרבן און פון אַ גרוי בלוילעך בידערמייער־קאָסטיום שטאַרצן אַרום פאַרלייגטע פעסט־געבויטע קני־ביינער. אַ קליינע, צאַרטע טאַשמע, אַ טיפּבלאָע, גרעניצט אָפּ און דערהויבט די כוואַליענדיקע ברוסט אין דעם פעסט־געבויטן קאַרק. אַ הערלעך פרילינגס־בילד זיצט אין אַ פאַרוועלקטער הערבסט־גאָלד־לאַנדשאַפט.

— קום, טייערער — גיט זי אַ כאַפּ מאָריצן, האַלטנדיק נאָך אונטערן אָרעם גוסטאַוון — קומט, מיר גייען אין רעסטאָראַן. דער פרילינג שפּרייזט און מיט אים וואַנדערן צוויי חברים פון איין קונסט־שפּעט ביינאַכט אין די פאַרנעפּלטע גאַסן פון ק.

אַ פּאָר עלעקטרישע לאָמפּן ציטערן אין דער לופט, דורכשפּיזנדיק די פענסטער פון די פאַרשלאָסענע, אויסגעמוטשעטע אַרבעטער פון ק. אַ שכור, אַ גוטעטשקער, כאַפּט אַרום זינגנדיק אַ אויסגעלאָשענעם גאַזלאַמטערן, ס'דוכט זיך אים אויס, אַז ער האַלט אין די אָרעמס זיין האַנקען, וויינט ער...

פון דעם פאַרנעפּלטן כאָאָס שטראַלן אַרויס ליכטיקייטן פון די פענצטער. פון דעם גרעל־בלישטשנדיקן שילד שטראַלט יום־טובדיק אַ רעסטאָראַן־אויפשריפט פון דער פינסטערער נאַכט אַרויס.

עס זיצן ביי די טישן גראָב־ביניקע, גלאַט־ראַזירטע דייטשן, אַטייל מיט ליולקעס, מיט גרויסע ביר־באָמבן אין די הענט, ווי די ענגלישע פּייטערס. שטויסן זיך די גרויסע ביר־גלעזער: „פּראָזיט!‟

איבער דעם געזימס פון בופעט איז אויסגעקריצט מיט גאָטישער פּייליקער גערמאַנען־שריפט דער חוצפּדיקער, הילכיקער אויסגעשריי פון 20־טן יאָרהונדערט: „ווער עס ליבט נישט קיין ווייב, ווייַן און געזאַנג, בלייבט אַ טפּש זיין לעבן לאַנג.‟

מ'האָט געפונען אַ קליין פאַרטיפט ווינקעלע. חנהלע האָט זיך אַריינגעזעצט טיף אין סאָפאַ און די גאַנצע ווייבליכע חוה־געשטאַלט האָט אַרויסגעשטראַלט פון דעם גרין־בלאָעם סאַמעט, ווי ווענוס פון ים. זי שמייכלט זיס צו גוסטאַוון און אַ פּערל־שנור קרוינט דאָס שיין־געשניצטע גאָמבעלע.

— קעלנער! רופט גוסטאַוו הילכיק אויס צו אַ פאַרפּעצטן, שמוציקן פראַק, אין וועלכן עס איז אַריינגעזעצט אַ חזיר־קעפּל. — שנעל משקה! דער קעלנער ברענגט צוויי ווייסע גלעזער און איינס אַ רויטס. ווער איז דאָס גלעזל? — פרעגן זיך אַרום די דריי. חנהלע קושט עס, עס דאַכט זיך איר: זי האַלט חוהס עפּעלע אין דער האַנד...

מ'עסט, מ'טרינקט, גרויסע קופּליעס שטייען פאַר זיי און שכורע דייטשן קריכן אַרויס פון די לאָקאַלן, און לאָזן אַרויס רויך־פאַנטאַזיעס פון די ליולקעס. זיי דערציילן זיך אַלטע זכרונות פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער־משפּחה. וועלטן שוועבן פאַר זיי אויף, גייען אונטער און ווערן נייגעבוירן... דער פרילינג דערוואַכט. און חנהלע וויל אין דעם רויך וואָס קרייזלט זיך אַרויף צום סופיט זען דעם געהיימניספולן חלום פון איר צוקונפט...

---

*) די דערציילונג פון דעם נעסטאָר פון די יידישע מאָלער טראָגט אַ אויטאָביאָגראַפישן כאַראַקטער און שילדערט אונז די באַציונג פון דעם פרי־פאַרשטאָרבענעם, באַוווּסטן קינסטלער משה אַפּעלבוים (מאָריץ) צו זיין עלטערן חבר אברהם ניימאַן (גוסטאַוו). די רעד.

אברהם מאָרעווסקי (וואַרשע)

# וועגן טעאַטער, יידיש און יידישיזם

ספּעציעל פאַר דעם „רעפלעקטאָר״.

די אומדירעקטע סבות פונם קלאָגנדיקן מצב אין יידישן טעאַטער ביים היינטיקן טאָג — דאָס איז אַ טעמע ניט וועגן טעאַטער: דאָס זיינען אַלע פאַרפּלאָנטערטע שאלות פון דער וועלט, דער אַלגעמיינער און דער יידישער.

אפילו קיין אָנדייטונג פון אַ תשובה קאָן איך ניט געבן אויף דער פראַגע, ווייל איך לעב אין דער איבערצייגונג, אַז קיין אויסשעפּנדיקער אמת איז סתם ניט בנמצה. אַלץ, וואָס לעבט און ווירקט און דיינקט און ליידט, האָט זיין טראָפּן אמת.

דיספּוטירן קאָן מען נאָר וועגן דעם, וועלכער אמת איז מער אויפן אָרט — אין דעם אָדער יענעם געגעבענעם פאַל. אַ קינסטלערישער אמת איז אַ סינטעז פון צעקריגטע טיילן פון אמת.

און וועגן די „אומדירעקטע סיבות״ פונם קלאָגנדיקן מצב וואָלט איך געקאָנט „רעדן״ נאָר אין אַ ווערק פון דער בינע. דאָ מוז איך עס לאָזן אָן אַ זייט.

אָבער אַ קלאָרע תשובה קאָן איך, לויט מיין געוויסן, געבן אויף דער פראַגע וועגן די „דירעקטע סיבות פונם קלאָגנדיקן מצב אין יידישן טעאַטער״.

דאָ זאָג איך עס נישט צום ערשטן מאָל: כ׳האָב דערמיט שוין צוגענומען צייט ביים פאַריין אויף צוזאַמענפאָרן און איך האַלט עס פאַר „א״ און ״ת״ פון אונזער פּראָפעסיאָנעלן און קולטורעלן קיום.

דער פּלאַקאַט.

אין יידישן טעאַטער האָט מען פאַרטיליקט יעדן צוטרוי, יעדע אויפמערקזאַמקייט פון עולם צום פּלאַקאַט. אַט־די „קליינינקייט״ איז דער פּראָגראַם פון אויפלעבונג און אָפּריניקונג: מען דאַרף טראַכטן וועגן דעם, אַז דער עולם זאָל אָנהויבן לייענען דעם פּלאַקאַט און, קומענדיק אין טעאַטער, ניט האָבן קיין גרונט צו טראַכטן (דער עולם איז אַ שטומער ספינקס: ער טראַכט, ער גייט, ער ברומט, ער פּאַטשט, ער שאָקלט מיט דעם קאָפּ אויף „יאָ״, אָדער — „ניין״, אָבער ער רעדט ניט, דער עולם. ווער עס רעדט איז שוין אַן־אומזיסטער באַזוכער, אַ קרוב, אַ פּרעסע־מענטש, אַ קאָמיטעטס־פּראָטעזשע וכדומה) — צו טראַכטן, אַז מען האָט אים פאַרנאַרט און באַשווינדלט.

מיטן פּלאַקאַט וועט מען די וועלט ניט ענדערן. די „אומדירעקטע סיבות״ וועלן זייערס טון.

אָבער רעדן וועגן יידיש טעאַטער הייסט קודם כל רעדן וועגן פּלאַקאַט.

טעאַטער פון ריינהאַרט, פּיסקאַטאָר טאַיראָוו?

ריינהאַרדס טעאַטער — אין פּעריאָד פון 1906 — האַלט איך פאַר מיין פרייען „אוניווערסיטעט״. פּיסקאַטאָרס האָב איך ניט געזען. וועגן טאַיראָוון וויל איך דאָ ניט רעדן. כ׳האַלט אַז טעאַטער איז אַ סכום פון מעכאַנישע לייסטונגען, איבער וועלכן עס מוז דאָמינירן דער גייסט פון דיכטער און שוישפּילער.

טעאַטערן און טעאַטער־עפּאָכעס, וואָס זיינען באַצייכנט מיט נעמען פון רעזשיסערן — דאָס איז פאַר מיר אַ ליגן, אַ פעלשונג פון טעאַטער.

איך וואַרט אויף אַלע דערשיינונגען פון גאולה אין דער הינזיכט ווי אַ גוטער פּאַטריאָט אויף דער אויסלייזונג פון זיין היימלאַנד ווי אַ גוטער פּראָלעטאַריער וואַרט אויף דער עמאַנציפּאַציע פון אַרבעט און שאַפונג.

„רעזשיסער״ — דאָס איז אין מיינע אויגן דער שעפער פון בירגערלעכן „דעמאָקראַטיזם״ אין טעאַטער. דאָס איז „קערענשטשינע״. טעאַטער איז העלד און שטראַל פון עקזאַלטירטע מאַסן. אַקטיאָר איז מאַסענסקסטאַז אין דערהויבענער, געקרוינטער און געפייערטער געשטאַלט.

דאָס איז מיין טיפע און בלוטיקע איבערצייגונג ניט פון איצט — פון 15 יאָריקן לעבנסעלטער. איך בין ביי דער מיינונג אַז „סאָציאַלע רעוואָלוציע״ דאָס איז אַ פּראָצעס פון צערייסן די קייטן און יאָכן פון יעדער מאַטעריע. מעג עס זיין — „מעטאַפיזיק״.

קונסט הויבט זיך ערשט אָן דאָ, ווו קלאָרער חשבון און שכל הישרערן אויף. און אויב דאָס איז „אוממעגלעך״, דאַן האָט נישט דער מענטש צו וואָס צו שטרעבן, ווייל, ווען ער וועט זיך דערשלאָגן צו גאַנצע הויזן און אַ גלאָז סאָדעוואַסער מיט זאַפט אָדער וויין, וועט זיך אויסלאָזן אַז בהמות האָבן זיך פאַריניקט און גיבן ניט קיין מילך און... קיין פעל.

טעאַטער — איז אַקטיאָר.

אַקטיאָר איז פּולקאָמער, פרייער, זינדיק־זויבערער, הייליק־פאַרשאָלטענער מענטשנס־קינד.

ריינהאַרד, פּיסקאַטאָר עט צעטעראַ — דאָס זיינען פלינקע קאָמבינאַטאָרס פון טעאַטער־געשעפטן.

וואָס „טאַלאַנטירטער״ עס איז ווער פון זיי, אַלץ מער שוידערלעך זיינען די קייטן, וואָס זיי שמידן פאַרן גייסט פון צעפלאַמטן אַקטיאָר.

צי דראָט אַ סכנה מצד קינאָ, ראַדיאָ א. ד. ג. דעם טעאַטער אין זיין אומדירעקטן קאָנטאַקט מיט די מאַסן? —

אַלץ, וואָס איז מעכאַניזירט, איז רעזשיסעריש טעאַטער. דאָ איז „קינאָ, ראַדיאָ א. ד. ג.״ די העכסטע דערגרייכונג און די מאָדערנע באַרבאַרישע circenses וואָס פּריצים האָבן די מאַסן צוגעוואָרפן צוזאַמען מיט pa is (ברויט).

אָבער ווי קיין שום זאַך קאָן נישט פאַרבייטן די היץ פון יענעם קוש, וואָס דורך אים מערן זיך דורות, אַזוי וועט ניט קאָנען דאָס מעכאַנישע אַרויסשטויסן די באַהעפטונג פון דער מענטשנמאַסע מיט איר אידעאַלן אויסדערווײלטן, דעם אַקטיאָר.

און וואָס מער די מאַסע וועט באַפרייען די געשטאַלט פון מענטשן — אַלץ נענטער וועט איר ווערן דער אידעאַל פון דעם טעאַטער־היכל, פון טעאַטער, ווו פרייע מוזן „לויטערע שכינה״ וועט געבן אַן אויסדרוק דעם געדראַנג צו העכערע געסטן, צו עקסטאַטישע איבערלעבונגען —

טעאַטער דאָס איז רעליגיע, אויסגעלייזט פון אירע מיסברויכער, פאַלשע און געדונגענע משרתים, באַפרייט פון מאַטעריעלע קונצן, מיט פּראָמעטעאוס פונקן באַשטראַלט דינט עס דער מאַסע — דורכן אַקטיאָר.

טעאַטער איז סטיכיש ווי די נאַטור — להיפוך צו אַנדערע קונסטן, און דער ווירקנדיקער עלעמענט — דער אַקטיאָר — איז דער קאָמפּליצירטעסטער מין מענטש. קאָמפּליצירט אין זיין נאַטירלעכער פשטות. רעזשיסערן און „דיפּלאָמאַטן״ און „אַדוואָקאַטן״ — שאַפן דאָס טעאַטער פון וועלכן פאַרשקלאַפטע אין אינטערעסן, שקרים און קאָמבינאַציעס, איך קאָן עס „טעאַטער״ ניט אָנרופן...

מיין שטעלונג צו יידיש און יידישיזם?

יידיש איז דער אויסדרוק פון מיין אמת, דעם סוביעקטיוון און אָביעקטיוון דעם אַרויסגעטראָגענעם פון מוטערס אינגעווייט, דעם פאַרפּלאָנטערטן אין די גליטשיקע סתרות פון מיינע לעבנסוועגן. דעם צוריקבאַקומענעם אין זיין פולן ווערט און זין — אויף די יידישע ברעטער, אין דער באַהעפטונג מיטן יידישן עולם. יידיש איז מיין פונק און מיין קלאַנג. און איך בין פאַרליבט אין זיינע שיינקייטן און מעגלעכקייטן. איך קני פאַר זיין כוח — אָן שוץ, אָן וואָפן און אָן אָנשטיץ... איך קען אַ 5 לשונות און האַלט, אַז יידיש איז דער בעסטער איסטרומענט פאַר שעקספּירס מוזע — איר טיפקייט, איר שאַרפקייט.

אָבער יידישיזם? — יעדער „איזם״ איז אַ ליגן אויף וויפיל ער וויל פאַר זיך רעקווירירן דעם גאַנצן אמת פון קאָסמאָס און אַלע קעגנער — פאַרלייקענען און פאַרטיליקן. יידיש איז ניט גענוג באַזאָרגט אויף דער וועלט צו קאָנען זיך דערלויבן אַזאַ לוקסוס ווי אַן אייגענעם „איזם״.)

און יידישיזם איז געדראַנג, יידיש צו פאַרשפּרייטן, צו פאַרמערן און צעזייען. יידיש דאַקעגן דאַרף ווערן דערהויבן, אפילו ווען פאַרשלאָסן אין זיך, ווען פאַרשטעקט אין גייסט און ליד — און פון מאַרק און גאַס באַשירעמט און אָפּגערים...

יידישיזם וועט ביי יידיש אָוועקרייסן זיין שיינקייט און וועט אים פּרוּוון געבן דערפאַר — מאַכט. אָבער די „מאַכט״ וועט זיין אַ פּאַפּירענע, אַ טאַנדעטע. און ס׳וועט זיין ביטער.

יידיש קאָן צוליב יידישיזם באַדראָט ווערן מיט אונטערגאַנג.

פּשעמישל מערץ 1935.

---

יונה גרובער (קראָקע)

# „חומש־מאָטיוון״

איציק מאַנגער: „חומש־לידער״, פאַרלאַג „אַליינעניוי״, וואַרשע 1935, 72 זייטן. הילע געצייכנט פון י. טיקאָטשינסקי.

מאַנגערס, חומש־מאָטיוון זיינען אַ דיכטערישער סינטעז פון דריי ערליי ביבלצוגאַנגען.

1). דער צוגאַנג פון אַ קינסטלער צו קונסט,

2). די גראָזפרישקייט פון לאָנקע, פּאַסטוך און שאָף, מיט וועלכער אַ גרויסער טייל פון די ביבל־ מעשות זיינען דורכגעוועבט.

3). דאָס חומש פונם גאַליצישן ייד.

דער ערשטער צוגאַנג.

אַ מענטש מיט אַן אויסגעפיינטן חוש פאַר עסטעטיק גייט צו צו דער ביבל, ווי צו עפּעס תהלימדיק שיינס. לייענענדיק אירע קאַפּיטלען באַקומט ער דאָס זעלבע געפיל, ווי בשעת ער פאַרגאַפט זיך אין דעם העל־און טונקל שפּיל פון אַ רעמבראַנד־בילד. נאָך מער, ס׳איז נישט גלאַט קיין שיינקייט. ס׳איז נישט נאָר דאָס ריין קינסטלערישע געניסן, ס׳איז עפּעס שיינס און צוגלייך איינפאַכס און טרויעריקס דערביי די פּשוטע ביבלווערטער זיינען אויפגעציליעט אויף דערזעלבער אייביג זיך־גלייכבלייבנדיקער תהלימדיקן אויף דעמזעלבן איינפאַכן ריטם, ווי דער גאַנג פון טאָג און נאַכט, ווי דער גאַנג פון דור צו דור. גאָרנישט פאַרענדערט, גאָרנישט מאַכט שווערער זייער וועג, אַזוי גייען אויך די ביבלווערטער פון שורה צו שורה דורך זייער שטילן ריטמגאַנג, וואָס גייט נישט אינערגעץ, קומט נישט פון ערגעץ און דרייט זיך אייביק אַרום זיך אַרום. ס׳איז דער שאָרך פון אַ סוד, וואָס מ׳קען

זיך פון אים קיינמאָל נאָר נישט דערוויסן, אָבער שטענדיק ווייסט מען, אַז ס׳געשעט עפּעס.

בשעת מאַנגער „שטיפט מיט די ווייסע „אבות־בערד״, דערזעט ער עפּעס ענליכס אין דעם אייביקן ביבּלריטם, ער דערזעט אַז:

„אברהם אבינו פאַרטראַכט זיך און שווייגט,
די אויגן געווענדט צו דעם שליאַך;
די נאַכט איז בלוי און סאַמעטן־קיל,
ווי ס׳טרעפט זיך אין תנ״ך.״

דער צווייטער צוגאַנג.

ניטשע האָט געזאָגט, אַז ר׳האָט ליב דאָס אַלטע טעסטאַמענט. אין אַלטן טעסטאַמענט איז דאָ די ווירקליכקייט פון לעבן און דער באַגער צו אים.

די מעשיות פון „בראשית״, אין וועלכע מאַנגער „שטיפט״ טאַקע אַרום, זיינען אָנגעפולט מיט אַזאַ זומערדיקער לעבנסזעט, ווי די פּאַרע פון נאָר וואָס געמאָלקענער מילעך. דער לויף פון באָרוויסע פיס אויף גראָז הערט זיך אין זיי. די געשטאַלטן פון די מעשיות ווירקן אַסך מאָל אַזוי פּויעריש־געזונט, ווי דאָרפישע שקצים. די מעשה מיט די געפלעקטע און נישט־געפלעקטע שאָף פון לבן, למשל, און דער פּאַסטעך יעקב צווישן זיי, וועמענס בענקען ס׳איז די שוואַרצע דאָרפסרחל.

אָט די זאַטקייט און בענקשאַפט זינגט מאַנגער אַרויס אין די שורות:

„רחל שטייט באָרוועס אויף דער שוועל
און טרילערט שטיל אַ ליד,
די שוואַלבן, וואָס פלאַטערן פאַרביי
שמעקן מיט פרילינג און צוויט״.

דער דריטער צוגאַנג.

דער צוגאַנג איז דער פּאָפּולערסטער צווישן יידן. די תורה אין גלות. דאָס איז תלמוד־תורה, דאָס איז דער טאַטעפאַרהער שבת נאָך טיש, דאָס איז דער שמעק־טאַבּעקע אין שול בשעת קריאת־התורה. די צאינה וראינה איז דאָס, ס׳שטערנטיכל, דער קאַפּטן און דער גאַרטל. דאָס איז אונזער היימיש חומשל, מיט וועלכן מיר וואַקסן אויף, פון וועלכן מיר גייען אַוועק און צו וועלכן מיר קערן זיך צוריק אום, ווי צו אַ באַזונדערס באַחנטער קולטור־שיינקייט.

אַ גרויסער טייל באַלאַדן פון די „חומש־לידער״ זיינען דירעקט אין דעם טאָן געשריבּן, למשל: „יצחק אבינו פאַרהערט די בנים״, א. א. פאַראַן סטראָפן אין די חומש־לידער, וווּ יעדע שורה איז פול מיט דעם גלות־תורה־חן. די באַלאַדע: „אברהם־אבינו פראַוועט אַ שלום־זכר״. הייבּט זיך אָן מיט אַזאַ סטראָפע:

„די שיר־המעלות׳ן לייכטן
אַראָפּ פון אַלע ווענט,
די יידן אין סויבּלענע שטריימלעך
פליעסקן מיט די הענט״.

אַ חוץ דעם סינטעז פון די דריי פאַרשיידענע ביבּלצוגאַנגען, האָט מאַנגער אַ גרויסן טייל פון די חומש־מעשות אַזוי פריי „אַריבּערגעטראָגן״ פון כנען קיין גאַליציע, אַזוי אָן אַ שום שייכות צו דעם, אָדער יענעם צוגאַנג צו דער ביבּל, אַז די באַלאַדן פון די מעשיות ווערן אַ חומש פאַר זיך. און נישט נאָר אַ שטיפעריש, נאָר אויך אַ באַלאַדיש ערנסט און טרויריקס. ער זינגט למשל:

„און ס׳אָטעמט פון די שוועסטער שאַרף
די בענקשאַפט און דער צער,
און ווער ס׳לאַכט פון זיי און שפּעט
איז אַ רשע און אַ נאַר״.

דאָס ספרל „חומש־לידער״ מיט די לשונקודשדיקע זייטנבאַצייכענונגען, א, ב, ג, איז אַ ביבּל פאַר זיך. אַ פאַרשיידנפאַרבּיקע, אַ וואַריאַנט איז זי, ווי איר אייגנטימלעכער, פאַרשיידנפאַרבּיקער דיכטער איציק מאַנגער.

---

## איציק מאַנגער (וואַרשע)

# אברהם שיקט אליעזרן זוכן אַ שידוך פאַר יצחקן

**פון די »חומש־מאָטיוון«**

„אליעזר, מיין אַלטער געטרייער קנעכט,
נעם דעם שטעקן אין דער האַנד.
שפּאַן איין דיינע אַלטע געטרייע פיס
און לאָז דיך איבּערין לאַנד.
זוך אויס פאַר מיין יצחקילען אַ ווייבּ,
זי זאָל זיין איינע אין דער וועלט,
שיין זאָל זי זיין, ווי די זון ביי טאָג,
און זאָל האָבּן אַ קניפּל מיט געלד.
וויל יצחקיל איז מיין אויג אין קאָפּ,
איך האָב אים קוים אויסגעוויינט, —
דו ווייסט עס אַליין, מיין געטרייער קנעכט,
וויל דו האָסט עס אין חומש געליינט.״
דער אַלטער אליעזר באַמקעט: יאָ,
און שמייכלט אין דער באָרד אַריין
און שטופּט אין אַלטען רוק־זאַק אַריין
צוויי פלעשער מיט רויטן וויין.
די רעטשענע קיכלעך, בעשיט מיט מאָן
וואָס מען האָט פאַר אים אָנגעגרייט,
די האַרטע אייער, אַ געבּראָטן עוף —
דער וועג איז לאַנג און וויַיט.
„רב אברהם, אַ גוטן!״ און ער געט.
אין דרויסן דעמערט דער שליאַך, —
די דעמערונג איז בלוי און קיל,
ווי סיטרעפט זיך אין תנ״ך.
אברהם אבינו קוקט אים נאָך
און זעט ווי דער קנעכט פאַרשווינדט,
צווישן די ווייַנשל־בּוימער אין טאָל —
אויף די פליגלען פונים ווינט.
פלאַטערט די מוטער שרה פאַרביי
און איר שטערנטיכל לייכט,
— „אברהמיל, מזל טוב׳, און פאַרשווינדט...
זיינע אויגן ווערן טריבּ און פייכט.
און סיפלאַטערט זיין אַלטע גרויע באָרד,
ווי, להבדיל, אַ טיכל אין ווינט:
— „מזל טוב, שרה, נישט געווען באַשערט
זאָלסט פירן צו דער חופה דיין קינדיי.
ער נעמט פון קאַפּטן סיחומשל אַרויס
און ליינט די סדרה אויף אַ קול:
„זיי שרהיי — אַ שטערן פאַלט
און ווערט געניזוקט טיף אין טאָל —
אברהם אבינו פאַרטראַכט זיך און שווייגט,
די אויגן געווענדט צו דעם שליאַך;
די נאַכט איז בלוי און סאַמעטן־קיל
ווי סיטרעפט זיך אין תנייך.

---

## משה בלעכער (קראָקע)

# מרדכי געבּירטיג און זיין ליד

— שטריכן —

צום באַלדיקן דערשיינען פון זיין בוך: „מיינע לידער״ (מיט נאָטן)

היינט, ווען געבּירטיג גיט אַרויס נאָך 30 יאָר באַשיידענער, דיכטערישער, קאָמפּאָזיטאָרישער טרובּאַדור־אַרבּעט זיין לידער־בּוך „מיינע לידער״, וואָס דערשיינט אינגיכן אַ דאַנק דער מאַטעריעלער הילף פון דעם ספּעציעל אָרגאַניזירטן „געבּירטיג־קאָמיטעט״, איז שוין דער ענין נישט־מער קיין פּערזענלעכער, נייערט אָן ענין פון בּרייטן פאַרנעם, ווייל געבּירטיג, דער גאָט־געבּענטשטער פאָלקס־דיכטער, איז שוין לאַנג דער אייגנטום פון גאַנצן פאָלק, — פון יענעם פאָלק, וועמענס נשמה ס׳איז פאַר אים געווען דער אייבּיקער קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר זיין ליד און מעלאָדיע.

נאָך 15 יאָר ליטעראַרישער אַרבּעט, גיט מרדכי געבּירטיג אַרויס 1920 זיין ערשטע לידער־זאַמלונג און גיט איר דעם נישט־מאָדערנעם נאָמען „פאָלקסטימלעך״. אין אַ צייט, ווען דיכטער האָבּן זיך ממש געוואָרפן אויף אורבּאַניסטישע, פאַציפיסטישע, מעסיאַניסטישע, פּסיכאָלאָגישע טעמעס און פאַר זיי געזוכט אַלץ נייערע דיכטערישע פאָרמען, אַלץ אַנדערע ריטמען און עקספּרעסיאָניסטישע אויסדרוקס־מיטל, צוגעפּאַסטע צום נאָכמלחמהדיקן צייט־גייסט, זינגט געבּירטיג „פאָלקסטימלעך״, פּשוט, אוממיטלבּאַר אויף אַלטע, אייבּיקע טעמעס: ווי דאָס פאָלק ליבּט, לאַכט, דאַוונט, האָפט, אַרבּעט, וויינט, וואַרט אויף משיחן און סאָציאַלער באַנייונג. געבּירטיג — אַליין אַ האָרעפּאַשנע פאָלקסמענטש — איז נישט געגאַנגען „מיטן שטראָם״, אין געדראַנג און געטומל אויף בּרייטע דיכטער־שליאַכן; ער איז זיך געשטאַנען אָן אַ זייט, ווייט פון ליאַרם און געפילדער, געגאַנגען אין וואַלד און אָפּגעהערט די פייגל זייער אייבּיק, אַלט פּשוט ליד, געגאַנגען אין שער־ און אייזן־געסל און האָט אויפגעכאַפּט דעם ריטם פון אַרבּעט, זיך איינגעהערט אין שול־געסל צום סדרה־און גמרא־נגון פון די „יאָסעלעך און שלמהלעך״ געזען ווי ווייסע טויבּן שעמדירן אין שקיעה־גלאַנץ און געהערט דעם אָפּגערעדטן פּיוט פון אַ פאַרליבּטן בּחור צו זיין באַחנט מיידל, וואָס וויינט אויפן דאַכשטובּל... און אָט די פילפאַרבּיקייט און רייכקייט פון זיינע דיכטערישע מאָטיוון האָט געבּירטיג פאַרבּונדן און האַרמאָניש צונויפגעגאָסן אין אַ אומצעטרענבּאַרע גאַנצקייט מיט וווּנדערבּאַרע, באַצויבּערנדיקע מעלאָדיעס, פול פּשטות און יידישן חן. און ס׳האָט אָנגעהויבּן צו וואַנדערן זיין ליד פון טעאַטער אין שטוב און גאַס, אויף הויף און מאַרק, און דאָס, וואָס ס׳האָבּן נישט דערלעבּט יענע מאָדערנע, גרויסע ליריקער, וועמענס שאַפונגען עס שטייען אין אויבּנאָן פון אייראָפּעישן און יידישן ליטעראַטור־יריד, האָט מרדכי געבּירטיג באַוויזן: צו ווערן דער געזונגענער און פּאָפּולערער דיכטער פון די בּרייטסטע פאָלקסמאַסן, אָן אונטערשייד פון קלאַס און ריכטונג. ווייל נאָר „שלעכטע מענטשן זינגען נישט״...

לאָמיר׳זשע זיך אַלע צוזאַמען מיט דעם דיכטער פרייען, וואָס גיט אונדז אין האַנט אַ ווערק וואָס וועט אַזוי לאַנג איבּערדויערן דורות און יאָרהונדערטער, ווי לאַנג איין מענטש וועט נאָך לעבּן און זינגען זיין פּשוט, האַרציק ליד פון ליבּע, אַרבּעט, נאַטור און נאָט.

מרדכי געבירטיג (קראָקע)

# מיין טאַטע א כוהן

Andante

כיהאָב פאַר דיר, מיין העלד, קיין מורא,
שלאָג מיך נאָר, פּראָביר,
קוים דערוווסט זיך דאָס מיין טאַטע,
איז דאַן ווי צו דיר. — ביס

ווייל מיין טאַטע איז אַ כוהן,
ס'איז מיט אים קיין שפּאַס:
ער צערייסן קען אַ מענטשן,
ווען ער ווערט אין כעס. — ביס

איין מאָל האָט אין הויף אברהמל
מיר דערלאַנגט אַ שטויס
און מיין טאַטע, רויט פון צאָרן,
איז צו אים אַרויס. — ביס

נאָר אַ מזל האָט אברהםל:
גראָד דעם אויגנבליק
שטאַרבט אַוועק זיין קראַנקער טאַטע,
אוי האָט ער אַ גליק! — ביס

ווייל אַ כוהן מוז פאַרלאָזן
סיהויז, וו סליגט אַ מת —
שלאָג מיך נאָר, דו מיינסט, אַז תמיד
טרעפט זיך אַזאַ נס? — ביס

---

י. רעבורג

# ווען ווילי ברעדעל

## "ראָמאַן פון אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער" (*

ווילי ברעדעל, דער שרייבער פון דעם ראָמאַן איז געווען 13 חדשים אין אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער. ער שרייבט אין זיין פאָרבאַמערקונג, אַז ר'אָט דאָס דערציילט, וואָס ר'אָט אליין געזען און איבערגעלעבט. די שילדערונג איז אין איינצעלנע שטעלן אַזוי רעאַליסטיש שטאַרק און איינפאַך, ווי די שטאַרקסטע קאַפּיטלען פון דעם בוך: „קיין שום נייעס נישט אין מערב.“

צוליב דער אינטימקייט פון דעם נאָר-וואָס איבערגעלעבטן, פאַרלירט זיך כמעט יעדע דיכטערישע פּרעטענסיע אין אַ גרויסן טייל פון דעם ראָמאַן. דער ציטער פון שרעק, דער פּחד פון אויפגעריסענע אויגן, שטייען אַזוי בולט פאַר אים, אַז ס'איז אים גענוג צו זאָגן דאָס, וואָס סאיז געווען, אָן שום פּסיכאָלאָגישער פאַרטיפונג אין די איבערגעשראָקענע קרבנות אָדער אפילו אין דער אייגענער מורא.

ווען ער שילדערט, למשל, ווי די געפאַנגענע שטייען אין אַ טונקל פעדערהויז מיטן פּנים צו דער וואַנט, איידער מ'נעמט זיי צום פאַרהער, איידער מ'נעמט זיי צו די פייניקונגען, פון וועלכע זיי האָבן שוין געהערט, אַז זיי קומען פאָר ביי אַזאַ פאַרהער, זעט דער געפאַנגענער נישט מער, נאָר די ליידיקע, קאַלטע וואַנט פאַר זיך, הערט שריט אונטער זיך און ציטערט. ער ווערט ביי אים נישט פאַרצווייפלט, ער פאַרלירט נישט ס'באַוווסטזיין, ניין, ער שטייט ווי פאַרשטיינערט און ציטערט ביי יעדן שאָרך. ווער ווייסט, אפשר פילט טאַקע אַזאַ געפאַנגענער נישט מער, אפשר איז ער טאַקע נישט מער ווי אַ פאַרשטיינערטע שרעק? ווער קען דאָס נאָך אַזוי גוט וויסן ווי דער דיכטער, וואָס ר'אָט דאָס איבערגעלעבט? אפשר, אַז מ'פילט אויף זיך די גליטשיקע אויגן פון פאַוואָרלאָזטע ס. ס. און ס. א. וואָס שעפּן נחת פון זיין שרעק, וואָס קענען מיט דיר טון אַלץ, וואָס זיי ווילן, אפשר פאַרלירט מען טאַקע דעמאָלט יעדן געדאַנק, יעדעם געפיל און די גאַנצע עמפּינדונג פון דעם געפאַנגענעם דרייט זיך טאַקע נאָר אַרום דעם קאַלטן עקל פון די אויגן, דער גאַלגרינקייט אין זיי.

ער באַשרייבט, איינעם פון די געפאַנגענע, נאָכדעם ווי מ'אָט אים געמוטשעט און געפייניקט. מיט צוויי ווערטער איז ער פאַרטיק. ער. דער געפאַנגענער, זיצט אין זיין ענגן שטיבל, באַטאַפּט מיט ציטערדיקע הענט די געפייניקטע הויט אויף זיך און שטאַרטשעט מיט די אויגן אויף די ווענט. דו פילסט, דאָס געוויין הענגט איבער זיין קאָפּ, אויף די ווענט, ס'וויל זיך אַרויסרייסן דורכן שמאָלן פענצטערל, אָבער דער געפאַנגענער אַליין רירט נאָר קוים אָן זיין בלוט באַגאָסענע הויט.

דאָס קאָנצענטראַציע-לאַגער, די קאַלטע, לויערנדיקע שרעק אין זיין טונקל, דאָס איז דאָס וועזנטליכסטע פון דעם ראָמאַן

ווי אַזוי הייבט ווילי ברעדעל אָן די שילדערונג פון דער שרעק.

אין אַ הייסן זומערטאָג שפּאַנט גאָטפריד מיזיקע, אַ יונגער דייטש, וואָס ווייסט אפילו נישט וואָס קאָמוניזם איז, איבער די שטראָזן פון האַמבורג. ער גייט פריילעך און פאַרטראַכט און זינגט זיך צו. ר'איז אַ האַנדעלעס און האָט היינט אָפּגעלייזט פאַר אַלטע סחורות פערצנהונדערט מאַרק. ער קען זיך אַליין נישט גלויבן: אַזאַ גליק! אויפן וועג זעט ער עפּעס אַ הויכן, שטאַרקן מאַן מיט אַן אײדלער צורה. ער אַליין איז אַ קליינער, אַ מאָגערער, האָט שטאַרק ליב הויכע, געזונטע מענטשן. פאַר לויטער פרייד קוקט ער נישט אויף דעם, וואָס ער זעט יענעם צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן, שאַרט זיך צו אים צו, און הייבט מיט אים אָן צו רעדן. יענער ווייזט אויס איז נישט קיין היגער, קען זיך נישט אויס דאָ, אָבער ער ענטפערט מיזיקען קאַלט און געציילטע ווערטער. ער היט זיך עפּעס פאַר אים. זיי צעשיידן זיך, און מיזיקע יאָגט אַהיים מיט זיין פרייד. פאַר דער טיר פון זיין שטוב באַווייזט זיך פּלוצים אַ מענטש מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט, זאָגט אים, אַז ר'איז פאַרהאַפטעט און הייסט אים קומען מיט זיך, שטיל אָן אַ וואָרט. מיזיקע ווערט געפירט אין קאָנצענטראַציעלאַגער, מיזיקע ווערט באַשולדיקט „צו וועלן געוואָלט געבן“ געלט די קאָמוניסטן. יענער פרעמדער איז אַ געפערלעכער קאָמוניסט און מיזיקע האָט אים „וועלן געוואָלט“ געבן געלט. מיזיקע ווערט געפייניקט.

די שרעק פון קאָנצענטראַציע-לאַגער איז נישט נאָר אין לאַגער אַליין, זי לויערט אין יעדער עק גאַס, דאָס קאָנצענטראַציע-לאַגער איז נישט נאָר אויף די הונדערט מעטער, ווו ס'איז, גאַנץ דייטשלאַנד איז איין גרויס קאָנצענטראַציע-לאַגער.

דאָ אין דעם שרעק. אונטער דער וואַך פון ס. א. און ס. ס. וואָס זאָגן, אַז זיי וועלן אַזוי לאַנג פייניקן און שלאָגן ביז זייערע „געדאַנקן“ וועלן ווערן די געדאַנקן פון די געפייניקטע, ביז זייער ווילן וועט ווערן דער ווילן פון די געמוטשעטע. דאָ דאַרף דער, וואָס קעמפט פאַר שענערע געדאַנקן, פאַר דער פרייקייט פון אַ שענער לעבן, דאָ מוז ער איבערשטיין אַ נסיון. אין איין זייט פרוי און קינד, אין דער אַנדערער זייט מאָרד און פאַרברעכן! אין איין זייט טרערן פון אַ פאַרלאָזטער מוטער, אין דער אַנדערער זייט מענטשן, וואָס ווערן אַזוי געמוטשעט, אַז זיי שלונגן איין פאַרזשאַווערטע צוויעקעס, אַבי אַן עק צו מאַכן צו דער פּיין! דער נסיון איז גרויס! אַסך ווערן צעבראָכן פאַר מורא, באַלד קען מיט זיי דאָסזעלבע געשען. אַסך זיינען צעבראָכן געוואָרן אין די פייניקונגסלאַגערס, זיי באַשלאָגט טויט-אַנגסטן פונם בלויזן געדאַנק, נאָכאַמאָל צו מוזן דורכגיין די געליטענע ליידן. אַסך, אַסך קענען דעם נסיון נישט ביישטיין, אַנדערע ווידער בייסן צונויף די ציין ביז בלוט, פאַרלאָזן ווייב און קינד, מוטער און היים און גייען געבן זייער לעבן, זייער מורא און פּיין פאַר דער פרייקייט פון אַזויפיל געגעפּלאָגטע און געשענדעטע.

אַ דיכטער האָט איבערגעלעבט דעם נסיון, אַ דיכטער דערציילט וועגן אים.

דער „נסיון“ פון ווילי ברעדעל איז עכט און איבערציינגנדיק פונם ערשטן ביזן לעצטן אות.

*) ווילי ברעדעל: „דער נסיון“. ראָמאַן פון אַ קאָנצענטראַציע-לאַגער מאַליק-פערלאַג. לאָנדאָן 1935.

מרדכי געבירטיג זינגט...

# ל י ד ע ר

משה בלעכער (קראָקע)

## דאס קינד פון דער גאס

מוזיק: ברוך שפּערבער.

כ׳בין דאָס היימלאָזע קינד פון דער אָרעמער גאַס,
מיין טאַטע איז צער, מיין מאַמע איז נויט.
טאַטע־מאַמע האָט גערויבט מיר דער אַכזר, דער טויט:
שטיי איך איינזאַם, פאַריתומט — אַ געיאָגטער פּאַריאַס. — ביס

אין ווינטער ביי קעלט, אין זומער ביי היץ,
ביי רעגן און ווינט, ביי צעדונערטן בליץ,
שטיי איך איינזאַם, פאַרלאָזט אין אַ וועלט פול מיט האַס —
איך, דאָס היימלאָזע קינד פון דער אָרעמער גאַס. — ביס

מיין טאַטע, דער צער, שפּייזט מיט גאַל מיין געמיט,
מיין מאַמע, די נויט, זינגט אַ הונגער־וויג־ליד
און שלעפערט מיך איין אין די אָרעמס פון טרוים,
אין די שאָטנס פון טרייסט פון זיין גאָלדענעם בוים... — ביס

אויף אַ וויל בין איך זאַט און גליקלעך און פריי
אין אַ לאַנד, וווּ מען דינט נאָר דער אַרבעט געטריי,
וווּ מען ווייס נישט פון נויט, נישט פון פּיין, נישט פון צער,
נישט פון דינער־קנעכט, נישט פון טיראַנישן האַר — — — — ביס
— — — — — — — — — — — — — — — — —
ווען דער חלום צערינט, שלעפּט די שרעקלעכע וואָר
מיך ווידער צוריק אויף דער גאַס ביי די האָר:
שטיי איך איינזאַם, פאַרלאָזט אין אַ וועלט פול מיט האַס —
איך, דאָס היימלאָזע קינד פון דער אָרעמער גאַס... — ביס

מאַי, 1934

## די באַלאַדע פון שמד

אויפן שייד־וועג שוין אַ גאַנץ מעת־לעת
שטייט איינזאַם אַן אָרון מיט אַ מת,
וואָס וואַרט אין רעגן, בליץ און ווינט
אויף אַ טרער פון אַ ווייט פאַרוואָגלט קינד.
— „ס׳איז געשטאָרבן דער פּאָטער עמיצן דאָי",
קרעכצט שטיל אַ שוואַרצע צערשויבערטע קראָ,
און קיינער גייט נישט דעם אָרון נאָך:
קיין פריינט, קיין קינד — אַז וויי און אָך!
פּלוצלינג דערטראָגט זיך אַן אָרגל־שפּיל
פון דער צערקווע, וואָס צלמט זיך אונטער דער מיל
און עס זינגט און טרילערט אַ נאַכטיגאַל
פונם ריטער וואָס היט דעם הייליקן גראַל*).
דערהערט דער טויטער דעם זילבער — געזאַנג
ווערט אים אין קאַלטן האַרצן באַנג:
צי זינגט נישט זיין טאָכטער שיינדל פרום
אים דאָס ביטערע ליד פון שמד — אומקום?
עס הויבט דער טויטער דעם שאַרבן אויף
און ווינקט צו דער שוואַרצער קראָ אַרויף:
— „צי איז דען דאָס מעגלעך, אַז מיין קינד
זאָל דעם צלם קושן — פון ליבע בלינד
און האַלדזן דעם רויטן כאַם מאַקסים...?
דאָ דערשטיקט זיך אין טרערן זיין געקוילעטע שטים
און אַ קללה שפּייט אויס זיין אָפן מויל
אַ פינצטערע קללה פול גיפט און גרויל...
אויפן שייד־וועג שוין אַ פּאָר מעת־לעת
שטייט איינזאַם אַן אָרון מיט אַ מת.
עס גיסט דער רעגן, עס וויעט דער ווינט:
דער טויטער זיצט שבעה נאָך זיין איינציק קינד...

*) גראַל איז לויט דער קריסטלעכער לעגענדע אַ כשוף־שיסל, אין וועלכער ס׳איז אַריינגערונען יעזוסעס בלוט בעת דער קרייציגונג, אין דער באַלאַדע סימבאָליזירט די גראַל־שיסל דעם קריסטלעכן גלויבן בכלל.

אירמאַ קאַנפער (קראָקע)

## די באַלאַדע פון די סוטערינעס

דער ראַדיאָ זינגט אין ערשטן גאָרן,
וווּ ס׳וווינט דער גרויסער טרוסט־דירעקטאָר,
מוזיק... וויין... ליבע...
די סוטערינעס הערן... און שווייגן,
אָדער שפּייען אויס מיט ציין־געקריץ די קללה:
מיר ווילן פרעסן!
אַרבעטן!
ברויט!!!

און אין נאַכט אומעטיקער, האַרבסטיקער,
ווען דער ווינט קומט צופליען אויף ערד
ווי דער באַפליגלטער הערמעס, —
סקאַנדירן די סוטערינעס
ווי אַ שלעכטן אָנזאָג
ריטמיש און גלייך:
— מיר, וואָס פוילן אין בין־השמשות
ווילן זען די זון!
מיר, וואָס זען בלויז פיס פון מענטשן,
ווילן זען די פּנימער זייערע...
ווי לאַנג נאָך וועלן מיר טראָגן אויף זיך
שווערע, טייערע, פוילע גאָרנס?...

טויב האָבן אַ קרעכץ געטון די סוטערינעס
און אָפּגעריסן די געבונדענע פיס פון צעמענט...
בומס! טראַך!
שטורץ! קראַך!
האָט זיך צעכליפּעט דער ראַדיאָ
און צעלאַכט דאָס בוידעם־שטיבל
גלייך די שטערן אין פּנים:
בונט! שרעק!
און ס׳איז איינגעפאַלן דאָס הויז...

בלויער באַגינען האָט זיך שטיל
אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטיינער־חורבה —
און נאָך אים — דער טאָג...
עקספּערטן זיינען געקומען, לאַנג געפאָרשט די סיבה,
געהוידעט מיט די קעפּ
און אַזוי געזאָגט:
— אַ שלעכטע קאָנסטרוקציע!
און געגאַנגען — ווי געקומען.
האָבן זיך צעלאַכט די סוטערינעס: מען ווייס...
עס וועלן קומען אַנדערע, יונגע —
און אַנדערש בויען וועלן זיי דאָס הויז...

פון פּוילישן כתב יד: משה בלעכער.

יונה גרובער (קראָקע) -

## אַלטער ייד

(פּאָרטרעט)

אויף איין ברעם זיבעציק יאָר,
די אַנדערע איז דין, אַ יאָר קוים
האַלט זיך אויף איר.
דער שטעקן אין זיין האַנט:
גלייך גראָב און מיט סיקעס.
דער שטעקן פירט דעם ייד.
דער ייד פון הינטן, נאָכן שטעקן:
אַ קאַפּטן, צעפּראַנזטער גאַרטל,
באָרד און נאָז פון אונטער קאַפּעליוש.
צוויי בלעטלעך־תהלים שוועבן אים נאָך,
די שירה איבער זיין קאָפּ
און די תוכחה פאַר אים.
דער ייד:
אויף איין ברעם ליגן זיבעציק יאָר,
די אַנדערע איז דין, אַ יאָר קוים
האַלט זיך אויף איר.

## אַלטע יידענע

(פּאָרטרעט)

אויף איין שפּיץ
פון איר זיידן טיכל
צען נעמען,
אויף צווייטן
פיר מאַפּלס.
דאָס בלויע פאַרטוך ליגט מיד
אויף אירע דינע קני
און אירע בלייכע הענט
שמועסן זיך איבער מיט אים.
אַלע אותיות פון טייטשחומש
זיינען אָפּגעמעקט,
איצט לייענט זי
אירע טרערן דאָרט.
פאַר אירע אויגן צאַנקען
טויזנט שבתליכט,
און דער זכות פון שרה,
רבקה, רחל און לאה
שוועבט איבער איר.

ריכאַרד דעמעל

## תבואה־ליד

סע שטייט אַ גאָלדן סטויגנפעלד,
וואָס גרייכט ביז צו דעם עק פון וועלט.
מאָל, מיל מאָל!
סע שווייגט אין וויט פון לאַנד דער ווינט
אַזויפיל מילן שטייען אַצינד.
מאָל, מיל, מאָל!
סע קומט אַ טונקל אוונטרויט,
אַזויפיל אָרעמע שרייען ברויט,
מאָל, מיל, מאָל!
סע האַלט די נאַכט דעם שטורם אין שויס,
צו אַרבעט גייט מען באַלד אַרויס.
מאָל, מיל, מאַל!
סע מאַכט דער שטורם די פעלדער ריין,
ס׳וועט קיינער נישט הונגער שריין,
מאָל, מיל, מאָל!

פון דייטש: יונה גרובער.

מיהאַיל עמינעסקו

## וואס בייגסטו, וואַלד, דיין קאָפּ?...

(פאָלקסמאָטיוו)

וואָס בייגסטו, וואַלד, דיין קאָפּ,
אָן רעגן, אָן ווינט
דיינע צווייגן אַראָפּ?
— פּאַרוואָס זאָל איך ניט בייגן זיך,
אַז ס׳איז מיין צייט שוין פאַרביי?
ס׳פאַלט דער טאָג, ס׳וואַקסט די נאַכט
און בלעטער, זעלטן ווערן זיי;
ס׳רייסט ס׳בלאַט דער ווינט.
מיינע זינגער טרייבט ער אַצינד.
ס׳בלאָזט דער ווינט פון אַ זייט,
ווינטער איז נאָענט, זומער איז וויט.
און פאַרוואָס זיך נישט בייגן,
אַז ס׳פליען מיינע פייגל אַוועק,
איבער שפּיץ פון צווייגן
פליען מחנות אָן אַן עק,
זיי פירן מיינע מחשבות
און מיין גליק מיט זיך אַוועק
זיי פליען צו צוויי, צו צוויי,
ס׳ליכט פון דער וועלט פאַרטונקלען זיי;
און ווי מינוטן געשווינד
פליען זיי מיטן ווינט,
און מיך לאָזן זיי פאַרוויסט
פאַרוויאָנעט און פאַרבליט
און מיט מיין וויייטיק אַליין,
כ׳זאָל זיך טרייסטן מיט געוויין.

פון רומעניש: יונה גרובער.

*) דער גרעסטער רומענישער נאַציאָנאַלער דיכטער
געשטאָרבען אין 2־טער העלפט פון 19־טן י. ה,

# סאַטירע און הומאָר

## ערנצטער פּראיעקט, ווי אזוי צו סאנירן אונדזער טעאטער...

### אַ וואָרט צום "משפט איבערן יידישן טעאַטער"

פאַרוואָס זאָל דער טעאַטער רעפאָרמירן די בינע און נישט רעפאָרמירן דאָס פובליקום? סיי די סצענע פאַרנעמט נישט אַזויפיל פלאַץ וויפיל דער צושויער־רוים, סיי די אַקטיאָרן זיינען נישט גלייך אין צאָל מיטן עולם (שוין צוזאַמען מיט די רעצענזענטן). און ווי באַוווסט דעצידירט די מאַסע, איר קוואַנטיטעט, איר רוב. מיר לעבן דאָך אין אַ תקופה פון פאָלקסהער־שאַפט, אַ טייך איז אַלץ פלאַכער וואָס ווייטער פונם קוואַל — די קונסט הויבט זיך שוין אָן מחוץ פון די אַקטיאָרן, אויטאָרן, רעזשיסערן א. אַז. וו. ווילט איר אַרויסרופן שטימונג ביים פובליקום, מוזט איר ווייטער אָנהויבן. טאַקע ביים סאַמע אַריינגאַנג, ביי דער טיר. זאָל דאָרט נישט שטינקן מיט קנאָבל, געבראָטענע הינדלעך, בילעטיאָרן־שוויים און עם־האַרצישן טשאַד נאָר מיט פאַרפומען צוגעפּאַסטע צו דער פרעסע: מיט אָפּיום־ריחות און טשאָלנט ביי אייגענע, אָריגינעלע פיעסעס און מיט ציגן־קעז, און סטאָדאָלע־ריח ביי אַנעמישע מאַכערייקעס פון אַמעריקע. (סמעטענע, אייער און מילכיקס בכלל איז גוט צו טובערקולאָז). ווילט איר אַרויסרופן די אמתע שטימונג ביים עולם און אין אים אַריינגיסן דעם אָצעאַנישן לעבנס־שטראָם — טוט אים אָן אַ פליאַזשע־קאָסטיום און לעשט אויס די ליכטער.

די סצענע מוז דורכויס ווערן איבערגעמאַכט. זאָל עמיץ האָבן די העזה צו זאָגן, אַז אויב דער טעאַטער דאַרף זיין אַ צירק, ווי ס׳וויל ריינ־האַרט, אויב ער איז געבוירן געוואָרן אויף דער אַרענע, וואָס האָט אַמאָל געהייסן באָמבאַסטיש אָרקעסטרע, זאָל עס זיין אַ צירק — אָבער פון ער־שטער מדרגה.

אויב ס׳דאַרף זיין אַ רעגן — זאָל עס גיסן מיט עמערס עכט וואַסער (...עולם בלייבט גולם) און אויב לויטן טעקסט דאַרף פאָרקומען אַ שיסעריי, זאָלן פייפן די אמתע קוילן. אפשר וועלן זיי טרעפן די טעאַטער־קריטיקער, די טעאַטער־געזעלשאַפטן און קאָמיסיעס. אויב דעם אַקטיאָר דאַרף פאַר־טרעטן דעם מאַשיניסט, זאָל כאָטש יעדע סצענע האָבן איר כאַראַקטעריס־טישן ליכט־עפעקט: אויב מען טרינקט אַלזאָ אויף דער בינע מאַראַנצן־קאָניאַק, זאָל פאַלן אויף איר אַ מאַרנצן־ליכט און נישט אַ קאַרשן־ליכט, אָדער מכח דעם אילוזיע־טעאַטער.

אויב מען האָט שוין געוואַגט צו מאַכן אַ וואַלד פון פּאַפּיר און טיר־פון טעקטור, וואָס טאַנצן אינאיינעם מיט די ווענט און אַ פייער פון רויִ־טע ציקאָריע־פּאַפּירלעך, פירט דעם מעטאָד אַדורך קאָנסקווענט ביזן סוף שטעלט אייך למשל פאָר:

אַן אַלטיטשקער זקן לייענט שלום אַשס „תהלים־ייד", צוויי בתולות ביי זיין זייט הערן זיך צו מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, דער דינער טראָגט אַריין אָוונט־ברויט מיט קאָטלעטן, מוזן אָבער די קאָטלעטן זיין אמתע קאָטלעטן, דער „תהלים־ייד" אַן אָריגינעלער „תהלים־ייד" און נישט אַן ענ־גלישער אילוסטרירטער יאָרגאַנג „טיימס" פון יאָר 1895. און — עיקר שכחתי — די בתולות מוזן זיין — בתולות — אַנדערש האָט די אילוזיע קיין ווערט נישט.

און אויב ס׳וועט דיך, געדולדיקער צושויער, אויפרעגן, וואָס פאַר אַזאַ געזאַלצענעם פרייז זעסטו אַ ברייטן, פאַלשן און אומנאַטירלעכן געסט, אַ פאַרזעעניש פון אַ געשמינקטן פרצוף, וואָס איז נישט ענלעך צו אַן אויס־געטראַכטער מאַסקע פון אַ צעהיצטן קראַנקן מח — פאַרלאַנג און פאָדער אַ פורים־מאַסקע אויפן פּנים פונם אַקטיאָר, מאַריאָנעטן־שטריקלעך און מאַנעקינישע באַוועגונג. זאָל מען דיר געבן דאָס שאָטן־טעאַטער, די טער־קישע „קאַראַגער". אַ לייוונט, און אויף איר די בלאַסע שאָטנס פון די אַקטיאָרן. ווי ביליק איז דאָס, חשובע דירעקציע. מען דאַרף נישט קיין קאָסטיומען, פערוקן, געשמינקטע ליפּן, הוידנדיקע טורעמס און דאָס אײַ־בערקערן פון די ווייס־אַפּלען.

צוליב דער ביליקייט וועלן עס דיר אונזערע דירעקטאָרן אפשר געבן... פרווו! פאָדער! געדולדיקער טעאַטער־פריינד...

א. לעצן

# הומאָר און סאַטירע

בײ דיכטער.

— די פרוי פון אַ דיכטער (צום מאַן): דוד, וואָס פאַרא שרעקלעכע אומ־אָרדנונג איז בײ דיר אין צימער, האַסט שוין אוודאי ווידער נישט געקאָנט געפונען קיין גראַם...

— זי: שטעל דיר פאָר, חיים, דער רעדאַקטאָר, וועמען כ׳האָב נאָך מיט 6 וואָכן צוריק געשיקט מײנע לידער — האָט זײ נאָך נישט איבערגעלײענט!

— ער: אַזאַ פּחדן!

ליטעראַטור.

דיכטערן (צו איר טאָכטער): מאַך שוין אַ סוף מיט דעם נאַרישן ליבעס־ראָמאַן, אינם לעבן פון דעם־אָ מענטשן ביסטו העכסטנס אַן עפּיזאָד. די מוזע דיר ארויסזוכן אַזעלכן, אין וועמענס לעבן דו וועסט ווערן אַ קאַטאַסטראָפע.

פּליאָטקעס.

— די שטערבלעכקייט איז לעצטענס אין קראָקע שטאַרק געוואַקסן. ווי מען דערציילט שטייט דאָס אין אַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיטן לעצטן „פאָלקלאָר״־אָוונט פון די יידישע מאָלער און סקולפּטאָרן. עס וואָלט גע־ווען אַ יושר, ווען דער דירעוודיקער פּרעזעס פון קינסטלער־פאַריין וואָלט אײנגעאָרדנעט אַ הספּד־אָוונט נאָך יענע מאַרטירער פאַר יידישער קונסט, און אַ באַנקעט פאַר די העלדן, וואָס זיינען אַרויס בשלום.

— אין די ליטעראַריש־אַרטיסטישע קרײזן פון יידישן קראָקע שמועסט מען לעצטנס וועגן דער נאָמינאַציע פונם „פּאַרצעלאַנענעם״ בדחן צום ערן־מיטגליד פון דעם קינסטלער־פאַריין.

דער מאָדערנער לאָהענגרין.

—דער מאַן (אַהײמקומענדיק פון טעאַטער) צו זיין ווייב: זעסט, טײערע זיסל, איך וועל אויך אַזוי טון ווי לאָהענגרין. אויב כ׳וועל אַהײמקומען שפּעט בײנאַכט פונם שענק און דו וועסט מיך פרעגן, פון וואַנען כ׳קום— וועל איך אַהין צוריקגיין...



**זאָבס היטלעריאַדע** – געצייכנט פון ל׳ באַכנער

בליצן.

— וואָס דאָס לעבן איז, זעסטו שוין בײם נײַגעבוירענעם קינד: **לאַכן** מוז עס זיך ערשט אויסלערנען, ווײנען אָבער קען עס פון דער **ערשטער** מינוט אָן.

— אָפּשאַצנדיק אַ מענטשן היט זיך, זאָלסט זײנע כראָנישע פעלערן **און** שוואַכקײטן נישט אידענטיפיצירן מיט זײן — כאַראַקטער.

— וואָס טיפער ס׳איז די ליבע אָדער שנאה — ווייניקער **ריידעוודיס** זײנען זײ.

אין אַ וואַרשעווער רעדאַקציע.

— ווער איז דאָס דער יונגערמאַן מיט די לאַנגע האָר און דעם **ברייטן** שוואַרצן שלייף אין קאָלנער?

— דאָס איז דער דיכטער ס. אונזער גרעסטער מאַקולאַטור־ליוועראַנט.

אומגעזונטע פּאָליטיק.

— אין פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן שפּילט די מעדיצינישע **טערמינאָלאָגיע** אַ גרויסע ראָל: דאָס קאַבינעט און דאָס פינאַנץ־וועזן לעבן איבער פון צייט צו צייט אַ קריזיס, אַמאָל דראָט זײ אַגאָניע. די **ראַדיקאַלע** דעפּוטאַטן מאַכן אָפּסטרוקציע, די באַנקירן לעבן אין אַ גאָלד־פיבער דאָס **ווירטשאַפטלעכע** לעבן איז קראַנק, כמעט אומהײלבאַר, מען זוכט מעדיצינען און רעצעפּטן, אַ גיכע הילף איז נויטיק.

געדאַנקען.

— זײט פּיטאַגאָראַס האָט אַנטפּלעקט זײן באַוווסטן וויסנשאַפטלעכן אמת און האָט די געטער געבראַכט אַן אָקס אַלס קרבן — **ציטערן אַלע** אָקסן, ווען מ׳אַנטפּלעקט אַ נײעם אמת...

— בכדי אַ יידישער דראַמאַטורג אָדער ראָמאַן־שריפטשטעלער זאָל בײם עולם האָבן דערפאָלג, מוז ער זײן אָדער אַ בר־מינן אָדער אַ סעקסועל־פּערווערזער אַמעריקאַנער. צום זיכערסטן וועט ער האָבן דערפאָלג, ווען ער איז אַ סעקסועל־פּערווערסער אַמעריקאַנער בר־מינן...




**קידוש־לבנה אויפן נײעם פּלאַט**

געצייכנט פון ל.באַכנער

# קאַריקאַטורן פון אַרנאָלד צווייגס ,,סערזשאַנט גרישאַ״ אין קורט קאַטשס אויפפירונג

געצייכנט פון ל. באכנער



שיפנצאַן — חיים ניסנצוויייג



»באבקא« — ליזא שלאָסבערג



גרישאַ — קורט קאטש



ליכאָס אדיוטאנט — אינוועגטאַזש

## קורט קאַטש דערציילט...

וועגן זיין וועג צום טעאַטער, דעם אינטערעסאַנטסטן עפּיזאָד אין זיין לעבן, זיינע פּלענער.

קורט קאַטש, דער ווונדערבאַרער ,,גרישאַ'' דער געניאַלער ,,שיילאָק'', דער אומפאַרגעסלעכער ,,מעפיסטאָ'', איז נישט נאָר אַ פענאָמענאַלער דאַר־שטעלער און קינסטלער, וואָס פאַרשטייט פון יעדער קרעאַציע ארויסצו־פּרעסן מיט זיינע אויסגעצייכנטע טעכנישע מיטלען פון זיין רייכער שטים־סקאַלע און אומבאַגרענצטע מימישע מעגלעכקייטן דעם מאַקסימום פון קוואַליטעט און דינאַמיק, נאָר אויך אַ האַרציקער דערציילער, אַ געמיט־לעכער שמועסער, וואָס פאַרכאַפּט סיי מיט זיין שפע פון אָריגינעלן און רייכן מאַטעריאַל פון איבערלעבענישן און זכרונות סיי מיט זיין דערציי־לערישער אוממיטלבאַרקייט.

פון זיינע גרויסע, ווייט־געעפנטע, ברייט־צעפּראַלטע אויגן קוקט אַ־רויס אַ רייכע, געבענטשטע וועלט פול גוטסקייט און נאַאיווקייט אינם זין פון שילערס ,,איבער נאַאיווער און סענטימענטאַלישער דיכטונג''. מיט זיין נאַטירלעכן וועזן, מיט זיין אופן רעדן און צוגאַנג צו די פּשוטסטע און פאַרווירקלטסטע דערשיינונגען פון לעבן און קונסט איז ער איינער פון די אזוי זעלטענע פאַרטרעטער פון יענעם פרימיטיוו, וועלכער איז געוואָרן צום העכסטן סימבאָל פון נאַיוער קונסט דורך האָמערן, שעקספּירן און אונזער ביבל. דערפאַר רייסט קאַטש אזוי מיט, ווען ער שפּילט, דערפאַר רירט ער אזוי די געמיטער פון זיינע צושויער און לאָזט איבער אַן אומ־פאַרגעסלעכן רושם און טרייסלט אויף יעדע מענטשלעכע נשמה, מעג זי זיין ווי געפּאַנצערט און אַ שטאָלערנעם פּאַנצער פון שטאַרקן ווילן און זעלבסטבאַהערשונג. די אויגן פולן זיך פּלוצלינג אָן מיט טרערן און די האַנט ווערט אַ פויסט, וואָס דראָט אין פּראָטעסט...

און ווען קאַטש דערוווסט זיך, אַז מיר גרייטן זיך אַרויסצוגעבן אַ יידישן זשורנאַל אין קראָקע, ווו עס פעלט שוין זייט יאָרן לגמרי אַ יידישע פּרעסע, באַווייזט זיך אַ שמייכל פון פרייד אויף זיין קינדיש פּנים און זיי־נע געטרייע אויגן ריידן אַרויס דעם ווונטש: ,,דערפאָלג, חברים!''...

— איר הויבט־אָן, פריינד, אַ פּיאָנערן־אַרבעט מיטן אַרויסלאָז פונם ערשטן יידישן זשורנאַל אין קראָקע. יעדער אָנהויב איז שווער און פאַרבונדן מיט מניעות. זאָל מיין שווערער וועג צו דער בינע זיין אַ סימבאָל פון מי, אַרבעט און אויסדויער, נאָך וועלכע ס'מוז אויך קומען דער דערפאָלג. אויב די אַרבעט ווערט געטון מיט אחריות און באַגייסטערונג.

מיין לעבנסוועג האָט נישט געפירט דירעקט צום טעאַטער. נאָכן ענ־דיקן פון אַ לעמבערגער גימנאַזיע האָב איך מיך איינגאַנצן באַשעפטיקט מיט פוסבאַל־ספּאָרט שפּעטער בין איך אַוועק קיין דייטשלאַנד אלס וואָ־יאַזשאָר פון דער וויין־בראַנזשע. דאָרט אינטערעסירט זיך מיט מיר אַ רייכע בערלינער משפחה און לאָזט מיך אויסבילדן אין דער דאָרטיקער ריינהאַרדט־שול.

— דערציילט פאַר אונזערע לעזער דעם אינטערעסאַנטסטן עפּיזאָד פון אייער רייכער סצענישער טעטיקייט.



קאַנצליי־שרייבער — ש. שעפטל



גענעראל ליכאָ — שלמה קאָן

— דאָס שטאַרקסטע איבערלעבעניש מיינסביים טעאַטער איז פאַר־בונדן מיט דער אויפפירונג פון שעקספּירס ,,היינריך דער פירטע'' אין בער־לינער ,,לעסינג־טעאַטער'' אין דער אינסצעניזירונג פון קאַרל היינץ מאַרטין. פאַלסטאַמפן שפּילט קלעפּפּער. 3 שעה פאַר דער פּרעמיערע אָבער חלשט ער אַוועק און די ליטונג גיט מיר איבער — 3 שעה פאַר דער פּרע־מיערע! — די ראָל. נאָך דער פּרעמיערע איז צו מיר צוגעקומען פּאַול ווע־געגער און האָט מיר גראַטולירט מיט די ווערטער: ,,30 יאָר שפּיל איך שוין אויף דער סצענע, אַזוינס ווי היינט האָב איך אָבער נאָך נישט געזען''.

דאָס איז געווען מיין אינטערעסאַנטסטער לעבנסמאָמענט.

— צי בלייבט איר ביים יידישן טעאַטער און וואָס פאַרא פּלענער האָט איר בדעה צו רעאַליזירן?

— כ'וויל בלייבן. אויב די יידישע בינע וועט מיר געבן די קינסטלע־רישע מעגליכקייטן, וועל איך אויך האָבן פּלענער. ביים איצטיקן מאָמענ־טע איך אינם יידישן טעאַטער אַ ביסל פלייש און עס מוז אמאָל אָנהויבן שטינקען: אָנגעהויבן ביים סטרוזש און געענדיקט ביים טעאַטער־דירעקטאָר. ווי אַזוי שאַפט מען פון אַ קלאָזעט אַ סאַלאָן? ס'איז ביטער אַזוינס צו זאָגן, יעדער וועט אָבער מסכים זיין, אַז ס'איז דער ריינסטער אמת. מיר ווילן האָפן, אַז ס'וועט אמאָל עפּעס ווערן.

—וועלכע קרעאַציע איז אייך אַלס ייד און קינסטלער צום ליבסטן און נאָענטסטן?

— כ'האָב צו ווייניק יידישע פּיעסעס געשפּילט. אָבער מיך וואָלט אינטערעסירט דער יידישער גאַסן־מענטש. אַ יידישער ,,שווייקיי'', וואָס מוז ערשט געשאַפן ווערן. עס איז מיין חלום, אַזאַ קרעאַציע צו שאַפן, ווען ס'וואָלט זיך געפונען יענער יידישער שרייבער, וואָס זאָל דאָס ווערק וועלן אָנשרייבן אָן ,,האַנטגעלד''...

מ. ב.

# כראניק: ליטעראטור - קונסט - קולטור

— די קראקעווער „געזעלשאפט פריינד פון ייווא" האט זיך רעארגאניזירט און באנייט איר טעטיקייט. ביי דער אנוועזנהייט פון די פריינד יעקב לעשצינסקי און פאלק היילפערין פון ווילנע זיינען אפגעהאלטן געווארן עטלעכע זיצונגען פון דער פארוואלטונג און ס'איז געווארן אנגעצייכנט א גענויער ארבעטספלאן פון ווערבירן מיטגלידער פאר די אויכגאבן פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט, ארגאניזירן זאמלער־גרופן צווישן ארבעטער און סטודענטן, איינאָרדנען רעגולערע רעפעראטן און שמועסן אויף וויסנשאפטלעכע טעמעס און עפענען א ליין־זאל. די פארוואלטונג האט צוגעצויגן אלס צווייטן סעקרעטאר פון דער געזעלשאפט פר' משה בלעכער, וועלכער איז צוגעטרעטן צוזאמען מיטן ערשטן סעקרעטאר פר' א. בורשטין און פר' יונה גריבער רעאליזירן די אויבנדערמאנטע ארבעטספלענער.

— אין זיין ניי בוך „פאלעסטינער רעפארטאזשן" (פארלאג „ליטער. בלעטער") שילדערט לייב מלאך אויפן סאציאלן פאן דאס לעבן פונם היינטיקן ארץ־ישראל אין דארף און שטאט.

— „קארל מארקס" (ביאגראפישער ראמאן) פון משה גראסמאן איז איצט דערשינען אין א פוילישער איבערזעצונג אין פארלאג „זניטש", ווארשע, ווי באוווסט, האט דאס בוך געהאט גאר ווארעמע אפרופן אין דער יידישער און פוילישער פרעסע.

— אינגיכן ווערט 25 יאר פון דער מוזיקאלישער טעטיקייט פון באקאנטן ווארשעווער דירעגענט מ. שניאור. דער שניאור־כאר ארדנט איין לכבוד דעם מייסטער א גרויסן יובילײ־קאנצערט.

— אין וואשינגטאן איז געעפנט געווארן אן אויסשטעלונג פון די רמבם־מאנוסקריפטן, וואס געפינען זיך אין פארשיידענע מוזייען.

— אינגיכן דערשיינט א באנד פאלקס־לידער פון דעם באוווסטן קראקעווער פאלקסדיכטער און קאמפאזיטאר מרדכי געבירטיג, וועמענס לידער זיינען נישט נאר דער אייזענער רעפערטואר פון אלע בעסערע יידישע קליין־קונסט־בינעס, נאר אויך פון וואנדערנדיקע גאסן־און הויף־זינגער, פון די ברייטע פאלקסמאסן, פונם שער־און אייזן־מענטש. פשוט ווי די לידער איז אויך זייער זאמל־נאמען: „מיינע לידער".

— אין קראקע זיינען לעצטנס פארגעקומען עטלעכע גרעסערע אוונטן, וואס זיינען געווען געווידמעט מענדעלען, דער אנגעווייטיקטער פראבלעמאטיק פונם יידישן טעאטער און — פרצן. אויפן פרץ־אוונט, וועלכן ס'האט איינגעאָרדנט דער מזרחיסטישער דראמקרייז „אהל" איז געקומען צו א שארפן אינצידענט צווישן דעם רעציטאטאר משה בלעכער און דעם רעפערענט נחמן מיפעלעוו, וועלכער האט צוליב דער מאיאריטעט פון פרומען עולם פארשוויגן אינגאנצן פרצעס דראמען און נישט דערמאנט מיט א ווארט זיין באטייט אלס סאציאלער דיכטער, נאר געמאכט גאר פון דעם דיכטער פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק" א „חסיד" און א שיריים־כאפער פארענדיקנדיק זיין „רעפעראט" מיט דעם פרום אויסגעטייטשטן ספור־המעשה פון די „דריי מתנות"... און כאטש דעם רעפערענטס דרשה איז זייער געפעלן געווארן א פאר פרומע ייִנגלעך אויפן זאל, איז אויפגעשטאנען דער רעציטאטאר, דערענדיקט דעם „רעפעראט" מיט א כאראקטעריסטיק פון פרצן אויף דער פאן פון זיינע דראמען און סאציאלע מאטיוון און דעמאסקירט די צביעות פונם „רעפערענט" און זיין פאלשע, בייזוויליקע, אפארטוניסטישע פרץ־אינטערפרעטאציע. עס מעגן אט דעם פאקט געדענקן די פארטיי־אינסטאנצן פון „פועלי־ציון", ווו דער דערמאנטער „רעדנער" דבּרט גאר אנדערש: ביי זיי איז ער א „סאציאליסט" און די „טעאטער־געזעלשאפט" מעג איבערגעבן פאראנטווארטלעכע, עפנטלעכע רעפעראטן וועגן יידישן טעאטער און מענדעלען, מענטשן, וואס זיינען נישט קיין וועטער־פענדלעך און לאזן נישט דעם אביעקטיוון, אבסאלוטן אמת באאיינפלוסן פון דעם לאקאלן קאלאריט פון דער געגעבענער סביבה... און אויב זיי צווינגט דערצו זייער „געזעלשאפטלעכע שטעלונג", וואס הייסט זיי מאכן קאמפראמיסן — דאן זאלן אזעלכע פארשוינען זיצן שטיל און נישט וועלן „מאכן א קאריערע" אויפן חשבון פון אונדזערע קלאסיקער... זאלן אט די מייז ווייטער ליגן אין זייער פינצטערע נארעס און לעכער...

— די רעארגאניזירטע קראקעווער טעאטער־געזעלשאפט איז צוגעטרעטן צו ממשותדיקער, אקטיווער ארבעט. איר הויפט־ציל איז, א סוף צו מאכן צו די אומנארמאלע באדינגונגען, אין וועלכע עס וועגעטירט דאס יידישע טעאטער אין קראקע, וואס האט נישט קיין אייגענעם לייטישן בנין. דערפאר אנטוויקלט די געזעלשאפט א ווייטפארצווייגטע פראפאגאנדע־טעטיקייט צווישן די קראקעווער פראגרעסיווע באפעלקערונגס־שיכטן, וואס זיינען פאראינטערעסירט אינם קיום פון יידישן טעאטער אלס וויכטיקע קולטור־פאזיציע, זיך צו פארשרייבן אלס מיטגלידער פון דער געז. און מיט א קליינעם חודש אפצאל העלפן אויפבויען אדער ווייניקסטנס דינגען א אייגענעם טעאטער־געביי. די געז. זארגט אויך פארן נאכוווקס פון אייגענע היימישע שוישפילערישע כוחות. צו דעם צוועק האט די געז. געגרינדעט א טעאטער־סטודיא אונטער דער לייטונג פון דעם יונגן, טאלאנטירטן רעזשיסער מארק קאץ, ארום וועלכן עס גרופירן זיך די בעסערע כוחות פון די קראקעווער דראמקרייזן.

— א דאנק דער מי און ארבעט פון היגן „פאריין פון יידישע קינסטלער און סקולפטארן" איז געעפנט געווארן ביים „פאריין" א „קינסטלער־צענטער" פאר די רעפרעזענטאנטן פון אלע קונסט־געביטן אין דריי שיינע שטובן אויף פאדזאמטשע 3. יעדע וואך מייסטנס שבת אדער זונטיק אין אוונט פארזאמלט זיך דארט די קראקעווער יידישע קינסטלער־וועלט און א געקליבענער עולם ליבהאבער ביי א גלעזל טיי און מען פארברענגט ביי א אימפראוויזירטן „פראגראם" וואס באשטייט פון א ניי געבירטיג־לידל, וואס דער מחבר זינגט אליין פאר, פון רעציטאציעס און מוזיק־קאנצערט.

— אין די רעם פונם „קינסטלער־פאריין" ווערט געפלאנט א ריי קונסט־אויסשטעלונגען: פונם נישט־לאנג פארשטארבענעם באוווסטן קראקעווער מאלער ארטור מארקאוויטש, פון הענריק גאטליב און פון דעם בארימטן פאריזער קינסטלער משה קיזלינג.

— מיט א צייט צוריק איז געשלאסן געווארן די בילדער־אויסשטעלונג פון באקאנטן מאלער ב. מאנדלבוים (פאריז), וועלכע האט געהאט זייער גוטע אפרופן אין דער פרעסע. ליידער האט דאס נישט געווירקט אויפן ברייטן עולם און בפרט אויף די קונסט־מעצענאסן, וועלכע באציען זיך מאדנע גלייכגילטיק צום קינסטלער און זיין ווערק...

— אין גיכן וועט דערשיינען א באנד סינאגאגן־מוזיק פון ברוך שפערבער (קראקע) פאר חזנים מיט כאר און ארגל־באגלייטונג, וועלכע איז א נייס אין דער יידישער מוזיקאלישער וועלט. אינם רעטשיטאטיוו פונם הזן האט דער מחבר אריינגעפלאכטן דעם שטרענג־טראדיציאנעלן נוסח און אים געגעבן אן אריגינעלן קינסטלערישן אויסדרוק.

— צום 800־טן יארצייט פון רמבם זיינען פארגעקומען א ריי פייערונגען און ס'איז דערשינען א ספעציעלער נומער „נאווי דזיענניק" געווידמעט דער אפשאצונג פון גרויסן פילאזאף.

— אין „קינסטלער־צענטער" איז דא נישט לאנג פארגעקומען א אויטארן־אוונט פון דער יונגער, יידיש־פוילישער דיכטערן אירמא קאנפער, אויף וועלכן זי האט געלייענט עטלעכע לידער אויף ריין־לירישע און סאציאלע מאטיוון און צוויי פראזעפראגמענטן. דער אוונט איז אדורך מיט דערפאלג.

— איגיכן דערשיינט א בוך לידער און פאעמעס פון משה בלעכער א. ד. ט. „לאבירינטן".

— צום ערשטען יארצייט פון ד"ר זילבערפארב איז ארויס דער ערשטער באנד פון זיינע געזאמלטע שריפטן מיט אן ארייַנפיר פון בן־אדיר (א. ראזין).

— צום פרץ־יארצייט האט ראזע פרץ־לאקס ארויסגעבן אין פארלאג „ליטעראַרישע בלעטער" א בוך זכרונות און באטראכטונגען „ארום פרץ", וואס נעמט ארום עטלעכע גרעסערע אפהאנדלונגען וועגן פרצן, זיין משפחה־לעבן און וועגן יעקב דינעזאנען.

— אין די „ליטעראַרישע בלעטער" (נומ. 18) פון 3־טען מאי איז געווען אפגעדרוקט אן ארטיקעל פינם קינסטלער יצחק ליכטנשטיין אונטערן פילזאגנדיקן קעפל: „אומנויטיקע מענטשן", ווו דער מחבר גיט אונס א טרויעריק בילד פון דעם קינסטלערסנויט און גייסטיקער געפאלנקייט. ער האט די טיפע איבערצייגונג, אז „קינסטלער זיינען איצט אומנויטיק, איבריקע מענטשן". ליידער איז דער ביטערער אמת נוגע אויך אלע אנדערע קונסט־געביטן... צי איז אבער ליכטנשטיינס אויסוועג: „שוויַגן" טאקע דער פאסיקער און איינציקער?

— אין קראקע איז אויפגעטרעטן מיט עטלעכע לידער־קאנצערטן די יונגע, טאלאנטירטע זינגערן פון היגן מוזיקאלישן אינסטיטוט רהל ראזען, וועלכע האבן געהאט גרויס דערפאלג. מיט איר רייכן שטים־מאטעריאל האט פאר זיך די באחנטע זינגערן א צוקונפט, דערהויבט אויפן געביט פון יידישן פאלקסליד.

— לעצטענס האבן אין קראקעווער יידישן טעאטער גאסטראלירט אלא לילית וול. גאדיק און יאסעלע קאלאדני.

— די יידיש־רומענישע שריפטשטעלערן קלארא הערשקאוויטש־פאקשעאנו, וואס ווײלט זייט א ריי יארן אין קראקע אלס מיטגליד פון דער פויליש־רומענישער געזעלשאפט פאר קולטורעלער פראפאגאנדע און ארבעט מיט אין דער היגער פוילישער פרעסע, האט איבערגעזעצט פאר דער יידישער בינע דאס באוווסטע דראמע „מנשה" פון דעם באקאנטן יידיש־רומענישן דראמאטורג ראנעטטי ראמאן, און זוכט דעם פאסיקן ראליסט און רעזשיסער פאר אט דער שעקספירישער דראמע, וואס איז סיי לויט דער טעמאטיק, סיי לויט דער קינסטלערישער מדרגה — א ווערק פון ערשטן ראנג, וואס וואלט ביי א געהעריקער באזעצונג פון די הויפטראלן געווארן דער שלאגער פון יידישן טעאטער, וואס האט אזא באגרענעצטן רעפערטואר. — פאראינטערעסירטע טעאטער־דירעקטארן און שוישפילער קענען זיך ווענדן אין רעדאקציע נאך אינפארמאציעס.

— אירמא קאנפער און משה בלעכער האבן אנגעשריבן א פארביקע רעוויע פון פאראדיעס, סאטירעס און סקעטשן א. ד. ט.: „די באהעמע און נישט־באהעמע אין קרומען שפיגל" מיט קאריקאטורן פון שרייבער, קינסטלער, פאליטיקער און כללטוער. די דאזיקע ליטעראריש־פאליטישע „שאפקע" האט ארויסגערופן א ווארעמען אינטערעס ביים ברייטן עולם.

— דעם 14־טען מאי איז געקומען קיין קראקע אין שליחות פון ייווא פר' היילפערין פון ווילנע, בכדי אדורכצופירן א זאמל־אקציע לטובת דער צמח־שאדאד־אספיראנטור און די ייווא־אויסגאבן

— אין נאמען פון ייווא אין ווילנע דאנקט דער באפולמעכטיקטער זאמלער משה בוקסבוים פון קראקע די אלע אינסטיטוציעס און יהידים אין ראדאמישל־ווײעלקי פאר זייערע אינפארמאטיווע און סטאטיסטישע מאטעריאלן, וועלכע זיי האבן אים געהאלפן זאמלען פאר זיין מאנאגראפיע איבער ראדאמישל־וו. במשך פסח ה. י., און וועלכע ער האט איבערגעגעבן אין רשות פון ייווא.

Cena numeru 30 groszy, zagranicą 10 ct. amer. Opłata pocztowa uiszczona gotówką.

„DER REFLEKTOR", miesięcznik literacko-artystyczny pod redakcją MGR. MOJŻESZA BLECHERA.

Adres Redakcji i Administracji: Starowiślna 97. Skrytka pocztowa 136. *Rękopisów nie zwraca się.*

Redaktor przyjmuje codziennie (z wyjątkiem sobót i niedziel) od 18 do 19-ej. — Telefon: 147-86.

# ביכער און צייטשריפטן

איציק מאַנגער: „חומש־לידער", פאַרלאַג „אַליינעניו", וואַרשע 1935. 72 זייטן. — הילע געצייכנט פון י. טיקאָטשינסקי.

יאָנאַס קאָרק: „טרוימלאַנד" דיכטערישע רעפלעקסן פון דער עפּאָכע. פאַרלאַג „קולטור", לאָדזש (יאָר?), 127 זייטן.

„ייוואָ־בלעטער", חודש שריפט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. יאַנואַר־העפט און מערץ־העפט 1935.

„אויסלייג־תקנות פון יידיש". יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט ווילנע 1935. פון דער סעריע: „אָרגאַניזאַציע פון יידישער וויסנשאַפט" נומ. 14 (1).

„שטעגן" צייטשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און קריטיק, יאָר־העפט 2 (18) סטאַניסלאַוואָוו, ניסן תרצ"ה.

יוסף קליינר:: פּרופ. ד"ר חיים ווייצמן (מונוגרפיה). פאַרלאַג י. מיי־לער, קראָקע 1935.

שפר: למדו עברית. ספר למוד השפה ודקדוקה עם מלון עברי־יהודי־פולני—גרמני־אנגלי ב'חלקים. מהדורה שמינית, 1935.

**Bredel Willi:** Die Prüfung, Roman aus einem Konzentrationslager 386 Seiten, Malik Verlag, London 1935.

**Louis Chirer:** Wahn im Kreise, Roman einer Weltreise, 229 Seiten, Katowice 1935. Auslieferung für Polen bei: H. Sonnenfeld Skr. poczt. 289 Kraków.

**Gerson Stern:** Weg ohne Ende, Ein Jüdischer Roman Erich Reiss Verlag, Berlin 1935.



## Z TEATRU:

«קראקעווער יידיש טעאטער»

וויערא קאַניעווסקאַ און פּאַול ברייטמאַן מיט זייער געקליבענעם אנסאמבל גאסטראלירן מיטן שלאגער „דער קאַבאַרעט־זיגגער".

**Teatr im. J. Słowackiego:**

„Trafika Pani Generałowej" — komedja w 3-ch aktach Wł. Bus-Fekete'go

„Wszystkie prawa zastrzeżone" („All Rights Reserved") komedja w 3-ch aktach Irving'a Kaye Davisa.

## NAJBLIŻSZY REPERTUAR KINOTEATRÓW:

ADRIA: „Malowana zasłona" (z Greta Garbo)

**ATLANTIC: „Dom Rotschildów"**

„Tajemnica małej Shirley" (z uroczą Shirley Temple)

„Ich noce"

BAGATELA: „Kot i skrzypce" (Ramon-Novarro, Jeanette Macdonald)

„Amok" w/g znanej książki Stefana Zweiga.

Wielka niespodzianka na „Dni Krakowa".

Do każdego filmu — bogato wyposażona rewja artystyczna.

UCIECHA: „Poszukiwaczki złota" („Gold diggers") Olśniewające arcydzieło wytwórni Warner Bros, pełne humoru i przecudnych melodyj z udziałem 200 najpiękniejszych kobiet Ameryki,

„Księżniczka przez 30 dni" z Sylwją Sidney,

„Dla Ciebie śpiewam" z Janem Kiepurą (wznowienie), „Nocne życie bogów"

PRENUMERATA kwartalna (z przesyłką pocztową): w kraju 1 zł., zagranicą 1.50. Konto PKO. Nr. 407-890.

CENA INSERATÓW: cała strona (ostatnia i przedostatnia) 200 zł. — 1/2 str. 120 zł. — 1/4 str. 70 zł. — 1/8 str. 40 zł. — 1/16 str. 25 zł. — 1/32 str. 15 zł. — 1/64 str. 8 zł.

Za 1 wiersz milimetrowy przez szerokość jednej szpalty (w łamie 3-szpaltowym — na ostatniej stronicy 80 gr., na przedostatniej — 60 gr., w tekście zaś — 1 zł. 20 gr.

Odpow. Redaktor i Wydawca: MGR. MOJŻESZ BLECHER. Drukarnia Pospieszna w Krakowie, Pl. Dominikański 1.